# די יודישע פאַמיליע

## אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל

## פיר ליטעראַטור און וויסענשאַפט.


⊱ פערלאַג: חברת „אחיאסף". ⊰

אב תרס״ב. II. באַנד. צווייטעס העפט. AUGUST 1902.


### אבאָנאמענטס־פּרייז

פיר עסטרייך־אונגאַרן:

יעהרליך . . . . 10.— קראָנען

האַלביעהרליך . . 5.— „

פיערטעליעהרליך . 2.50 „

איין איינצעלנע העפט 80 העללער.

פּרייז פאַר די יעהרליכע אַבאָנענ־טען פון דער צייטונג „דער יוד": נור — $3\frac{1}{2}$ קראָנען (מיט פּאָרטאָ) (3 מאַרק, 3 שיללינג, 4 פראַנק).

דער פּרייז פיר רוסלאַנד:

גאַנץ־יעהרליך . . . . 4 רובל

האַלביעהרליך . . . . 2 „

פיערטעליעהרליך . . . 1 „

פאַר די יעהרליכע אבאָנענטען פון דער צייטונג „דער יוד": נור 1 רובל (מיט פּאָרטאָ 1,50).

פּרייז פיר יעדעס העפט — 40 ק.

---

פּרייז פון מודעות:

1 זייטע 20 רובל, $\frac{1}{2}$ זייטע 12 ר.

$\frac{1}{4}$ זייטע 6 רובל, $\frac{1}{8}$ זייטע 3 ר.


אדרעסע:

Administration „Die Jüdische Familie"
Krakau, Gertrudy 16.

פיר רוסלאַנד:

Изд. Ахіасафъ, Варшава.


### אינהאַלט:




קראָקאָ

דרוק פאָן יוסף פישער (גראָדגאַססע 62).

פון 1 יולי אן

האט אנגעהויבען „דער יוד״ צו ערשיינען אין א

## צווייטע ביליגע אויסגאבע

אזוי אז אויסער „דעם יוד״ וואס ערשיינט ביז היינט ערשיינט נאך

יעדע וואך

## „דער יוד״ צוויטע אויסגאבע

וועלכער קאסט א ביליגען פרייז וואס איז נאך ביז יעצט נישט געוועזען

## 2 רובעל א יאהר; 1 רובעל א האלב יאהר

---

☛ דער אבאנענט פון דעם „יוד״ צווייטע ביליגע אויס־גאבע, האט אויך דאם רעכט, אזוי ווי דער אבאנענט פון דער גרויסער אויסגאבע, צו אבאנירען דעם מאנאטליכען זשורנאל „די יודישע פאמיליע״ פיר 1 רובעל א יאהר (מיט פארטא 1.50).

---

## שפיגעל פאבריק ל. אידעלזאק, ווארשא

ביעליאנסקא נר׳ 1

עמפפעהלט זיין גראססעס לאגער פון שפיגעל, שפיגעלגלאס, טרוימאס אין דעטאיל אונד ענגרא.

---

### פריילינען אונד דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען אונד נייהען אין א קורצע צייט דורך בריעף אין זשארגאן, רוסיש אונד דייטש. די מעטאדע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מעד־כען קענען זיך גוט אויסלערנען. אויף תשובה א מארקע. ניט זאמט אונד פרעגט אן ביי

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

### לבעלי בריתי לזכרון תמיד!!!

אדריסתי היא רק בת ג׳ מלים:

Я. Найдичъ, Варшава.

פראספעקט ישולח הנם לכל דורש.

# יְהוּדָה בֶּן הַלֵּוִי.

(פראגמענט)

פון

## היינריך היינע.

איבערזעטצט פון דייטש דורך י"ל ברוכאוויטש. בערן.

---

.III

נָאךְ דֶער שְׁלַאכְט בַּיי אַרַאבֶּעלַא
הָאט דֶער גְרוֹיסֶער אַלֶעקְסַאנְדֶער
בַּיי דָרְיוּשׁ צוּגֶענוּמֶען
לֶענְדֶער, לַייט אוּן עֶלֶעפַאנְטֶען,

וַוייבֶּער, פֶערְד אִין קְרוֹין אוּן סְצֶעפְּטֶער,
שְׁמַאטֶעס גָאלְדֶענֶע אוּן אוֹצְרוֹת
אוּן אַרַיינְגֶעשְׁטֶעקְט אִין זַיינֶע
הוֹיזֶענְקֶעשֶׁענֶעס דִי בְּרֵייטֶע.

אוּן אוּם נִיט אַרַיינְצוּקְרִיכֶען
אִין אַלֶעקְסַאנְדֶערְס הוֹיזֶענְטַאשֶׁען,
גְלַייךְ מִיט אַלֶע גוּטֶע זַאכֶען
מַאכְט דָרְיָוֶשׁ פִּיס!

אוּן אִין צֶעלְט פוּן גְרוֹיסֶען קֶענִיג
הָאט דֶער יוּנְגֶער הֶעלְד גֶענוּמֶען
נָאר אַ פְּרַאכְטְפָאל גָאלְדֶען קֶעסְטִיל
אִיבֶּערְגֶעזֶעצְט מִיט עֶדֶעלְשְׁטֵיינֶער.

אוּן דָאס קֶעסְטִיל זֶעלְבְּסְט אַ צִיהְרוּנְג,
וואוּ דָרְיָוֶשׁ הָאט גֶעהַאלְטֶען
אוּן פֶערְשְׁלָאסֶען דִי תַּכְשִׁיטִים,
זַיינֶע לִיבּ־דְיַאמַאנְטֶען!

אַלֶעקְסַאנְדֶער הָאט דִי לֶעצְטֶע
בַּאלְד פֶערְשֶׁענְקְט, אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען
דִי גִבּוֹרִים פוּן זַיין חַיִל
אוּן זֵיי הָאבֶּען וִוי דִי קִינְדֶער

מִיט דִי שְׁטֵיינְדֶעלִיךְ גֶעשְׁפִּיעלְט זִיךְ —
אוֹיסֶער אֵיינֶעם כּוֹרֶשׁ'ס זִיגֶעל,
דֶעם הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט דֶער מוּטֶער,
וָואס הָאט פוּן אִיהְם גֶעמַאכְט אַ בְּרָאשְׁקֶע...

אוּן אַ וואוּנְדֶערְבַּארֶען אָנִיקְס —
דֶעם הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט אַרִיסְטוֹ'ן
אַלֶעקְסַאנְדֶערְס אַלְטֶען לֶעהְרֶער
צוּם קַאבִּינֶעט פוּן זֶעלְטֶענְהֵייטֶען!

אִין דֶעם קֶעסְטִיל אִיז גֶעוֶוען
אַ שְׁנוּר וואוּנְדֶערְבַּארֶע פֶּערֶעל,

וואס דער פאלשער סמערדיס
האט געשענקט דער קעניגין אאטאסא. [8]

דאך די פעריל זענען עכטע!
און דער זיעגער האט געשאנקען
עס א טענצערין א שענער
פון קארינט, מיט'ן נאמען טאאיס.

אין די האר, די ווילד צופלאטערט
האט די פעריל זי געטראגען,
און געטאנצט און ווילד געדרעהט זיך,
בעת געברענט האט פערזעפאליס,

און א ברענענדיגע פאקעל
אין דאס קעניגשלאס געווארפען,
אז געפלאקערט האבען תיכף
ווי א פייערווערק די פלאמען.

נאך דעם טויט פון טאאיס, וועלכע
איז געשטארבען אין שטאדט בבל
פון א בבל־קראנקהייט, זענען
איהרע פערלען דארט אין בערזע

פער אויקציאן פערקויפט געווארען.
ס'האט געקויפט א פאפ פון מעמפיס
און געבראכט עס קיין מצרים,
וואו ערווארבען האט עס שפעטער

קלעאפאטרא, וועלכע האט די
שענסטע פעריל דין צומאלען,

און אין וויין זיי אויסגעטרונקען,
אויף צו להכעיס פון אנטאניען.

און די רעשט איז אנגעקומען
מיט'ן לעצטען אמאיאדען
קיין היספאניען, צו לייכטען
אויף דעם טיראן פון באליפען.

אבדערהאם דער דריטער האט זיך
אויסגעפוצט דערמיט ביים פעכטשפיעל.
דרייסיג ריטער האט בעזיעגט ער,
דאן אויך דאס הערץ זוליימאס.

בעת געפאלען איז די הערשאפט
פון די מויערן דורך די קריסטען,
איז די פערלענשנור געקומען
אין דעם קריינשאץ פון קאסטיליען.

קאטאליקען – מאיעסטעטען,
קעניגינען פון היספאניען
האבען אויסגעפוצט דערמיט זיך
ביי פראצעסיעס, אקסגעפעבטען,

אויך ביי שייטערהויפענס, וואו זיי
זיצען רוהיג אויף באלקאנען,
און ערקוויקען זיך פון ריח
פון געבראט'נע, אלטע יודען.

שטן'ס איינקעל, מענדיזאבעל [9]
האט פערזעצט די פערלען שפעטער,

[8]) סמערדיס איז געוועזן דעם פערזישען מלך קאמביזעס א ברודער. בעת קאמבי־זעס האט געדארפט ארויסגעהן אויף מלחמה געגען מצרים, האט ער שטילערהייט געלאזט טויטען זיין ברודער, ווייל ער האט מורא געהאט, אז ער זאל פון איהם ניט צונעהמען זיין מלוכה. בעת אבער ער איז געוועזן אין מצרים, איז אויפגעשטאנען א פריסטער און זיך ארויסגעגעבען פאר דעם געטייטען סמערדיס און געקיניגט זיעבען חדשים, ביז זיין שווינדעל איז ענטדעקט געווארען און דריוש האט איהם געטייט און אויסגעוויילט געווארען צום מלך אנשטאט איהם.

[9]) מענדיזאבעל איז געוועזן פינאנצמיניסטער אין שפאניען אין דער ערשטער העלפט פון דעם נייצעהנטען יאהרהונדערט.

כְּדֵי דֶעם דֶעפִּיצִיט צוּ דֶעקֶען
פוּן דִי קֶענִיגְלִיךְ פִינַאנְצֶען.

אִין דֶעם הוֹיף פוּן דֶער טִילֶערִיֶען
אִיז דִי שְׁנוּר צוּלֶעצְט עֶרְשִׁיעֶנֶען
אוּן גֶעשְׁטִימֶערְט אוֹיף דֶעם הַאלְז פוּן
מַאלַאמָאן דִי בַּארָאנֶעסֶע.

אָט דָאס הָאט פַּאסִירְט דִי פֶּערְלֶען,
דָאךְ דֶעם קֶעסְטִיל אִיז גֶעגַאנְגֶען
נִיט זָא וואוּנְדֶערְלִיךְ, בֶּעהַאלְטֶען
הָאט פַאר זִיךְ עֶס אַלֶעקְסַאנְדֶער.

אִין אִיהם הָאט עֶר אַיינְגֶעשְׁלָאסֶען
אַלֶע לִיעדֶער פוּן הָאמֶערוּס,
זַיין בֶּעלִיעבְּטֶען, גֶעטְלִיכֶען דִיכְטֶער,
אוּן גֶעלֶעגֶען אִיז צוּקָאפֶּענְס

אִיהם דָאס קֶעסְטִיל, אוּן פוּן דָארְטֶען
הָאבֶּען זִיךְ אַריינְגֶעגְנֶבֶעט
בַּיי דֶער נַאכְט אִין זַיינֶע חֲלוֹמוֹת
אַלֶע לוּיכְטֶע הֶעלְדֶענְבִּילְדֶער.

אַנְדֶרֶע צַייטֶען, אַנְדֶרֶע פֵייגֶעל –
אִיךְ, אִיךְ הָאבּ גֶעלִיעבְּט אַמָאל אוֹיךְ
דִי גֶעזַאנְגֶען פוּן דִי גְבוּרוֹת
פוּן אַכִיל אוּן אָדִיסֶעאוּס [10])

בַּאמָאלְס אִיז גֶעווֶען צוּם מוֹטֶה מִיר
זוּנֶענְגָאלְדִיג, לִיבְטִיג, פְרֶעהְלִיךְ,
אִיךְ מַיין שְׁטֶערְן – ווייַנְבּוֹים־קְרַאנְצֶען,
אוּן מוּזִיק הָאט זִיס גֶעקְלוּנְגֶען.

שְׁטִיל דֶערְפוּן! – עֶס לִיגְט צוּבְּרָאכֶען
אִיצְט מַיין שְׁטָאלְצֶער זִיגֶעסְווָאגֶען,
אוּן דִי אַיינְגֶעשְׁפַּאנְטֶע לֵייבֶּען
זֶענֶען טוֹיט שׁוֹין, ווי דִי ווייבֶּער,

ווָאס מִיט צִימְבְּלֶען אוּן מִיט פּוֹיקֶען
הָאבֶּען ווִילְד אוּם מִיךְ גֶעטַאנְצְט דַאן.
אִיךְ אַלֵיין – אִיךְ קַייקֶעל עֶלֶענְד
גוֹסֶס־עֶלֶענְד אוֹיף דֶער עֶרְד מִיךְ.

שְׁטִיל דֶערְפוּן! – דִי רֵייד אִיז ווֶעגֶען
קֶעסְטִיל פוּן דַארְיוֶעשׁ, אוּן אִיךְ
הָאבּ גֶעטְרַאכְט בַּיי זִיךְ אִין הַארְצֶען:
ווֶען אִיךְ קְרִיעג דָאס שֶׁענֶע קֶעסְטִיל

אוּן עֶס ווָאלְט מִיךְ נִיט גֶעצְווָאוּנְגֶען
גֶעלְדְנוֹיט גְלַייךְ עֶס צוּ פֶערְקוֹיפֶען,
ווָאלְט אִיךְ דַאן דֶערִין פֶערְשְׁלָאסֶען
אַלֶע לִיעדֶער פוּן דֶעם רַבִּי,

פוּן יְהוּדָה בֶּן הַלֵוִי,
יוֹם טוֹב זְמִירוֹת, שִׁירִים, קִינוֹת,
אוּן דִי בִּילְדֶער פוּן זַיין רֵייזֶע
קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, – אַלֶעס ווָאלְט אִיךְ

לָאזֶען אָבְּשְׁרַייבֶּען פוּן בֶּעסְטֶען
סוֹפֵר אוֹיף דֶעם רֵיינְסְטֶען פַּארְמֶעט
אוּן גֶעלֶעגְט ווָאלְט אִיךְ דֶעם כְּתַב־יַד,
אִין דָאס קְלֵיינֶע, גָאלְדֶען קֶעסְטִיל,

דָאס ווָאלְט אִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט דַאן אוֹיף דֶעם
טִישׁ בַּיים בֶּעט, אוּן אוֹיבּ גֶעקוּמֶען
ווָאלְט אַ פְרֵיינְד אוּן זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט
אוֹיף דִי פְּרַאכְט פוּן קְלֵיינֶעם קֶעסְטִיל,

אִיבֶּער זַיינֶע שְׁנִיצֶערַייֶען,
ווֶעלְכֶע זֶענֶען קְלֵיין אוּן קוּנְצִיג,
אִיבֶּער אַלֶע וואוּנְדֶערְבַּארֶע
אַיינְגֶעפַּאסְטֶע אֵידֶעלְשְׁטֵיינֶער, –

שְׁמֵייכְלֶענְדִיג ווָאלְט אִיךְ גֶעזָאגְט אִיהם:
דָאס אִיז נוּר דֶער גְרָאבֶּער שָׁאלֶעכְץ

[10]) אכיל אין אָדיסעאוס זענען צוויי העלדען אין האמערס ליעדער.

פון אנ'אוצר שענער, בעסער, –
דא אין קליינעם קעסטיל ליגען

דימענטען, וואס זייער ליכט איז
אבגלאנץ, ווידערשיין פון הימעל,
הארצבלוט גליהענדע רובינען,
אונבעפלעקטע טורקאסטען.

אויך סמאראגדען פון נחמות,
פערלען ריינער נאך ווי יענע,
וואס געשענקט דער פאלשער סמערדיס
האט דער קעניגין אטאסא,

און וואס שפעטער האט געצירט עס
אלע גרויסע מיוחסים
אונטער'ן ליכט פון דער לבנה –
טהאאיס און די קלעאפאטרא,

איזיס פריסטער, [11]) מורענפירסטען
אויך היספאניענס קעניגינען,
און צולעצט די הויכפערעהרטע
זאלאמאן די באראנעסע.

אט די וועלטבעריהמטע פערלען
זענען נור דער שלאם דער בלייבער
פון אנ'עלענדע, ארימען שרץ,
וועלכער קרייננקעלט אויף דעם ים גרונט,

דאך די פערלען דא אין קעסטיל
זענען ווילד ארויסגעקוואלען
פון א שענער מענשענזעלע,
וואס איז טיעפער פאר'ן וועלט־ים –

דען עס זענען טרעהרענפערלען
פון יהודה בן הלוי,

וואס ער האט פערגאסען איבער'ן
חרבן פון ירושלים. –

פערלענטרעהרען שוין פערבונדען
דורך דעם גאלדענעם גראמענפאדים,
און פון גאלדענער דיכטקונסטקוזנע
אלס א ליעד ארויסגעגאנגען.

אט דאס פערלענטרעהרען ליעד איז
יענע פיעל בעריהמטע קינה,
וואס געזונגען ווערט אין אלע
וועלטצוזייטע צעלטען יעקב'ס,

אין דעם נייטען טאג פון חודש
אב – דאס איז די טרויעריאהרצייט
פון ירושלים'ס חרבן
דורך דעם טיטוס וועספאסיאנוס.

יא, דאס איז די קינה „ציון",
וואס יהודה בן הלוי
האט געזונגען שטארבענדיג אויף
ירושלים'ס הייליגע חורבות –

בארוועס אין א טרויערקיטעל
אויף א זייל אנ'איינגעפאלען
איז ער דאמאלס דארט געזעסען,
און אראב איז איהם געפאלען

ווי א וואלד דאס האר דאס גראָע
און משונהדיג בעשאטענט
ס'בלייבט אויסגעצערטע פנים
מיט די טיעפע קלארע אויגען.

אט אזוי איז ער געזעסען
און געזונגען ווי א נביא, –

---

[11]) איזיס איז געוועזן א מצרי'שע געטין. זי איז די מוטער פון דער נאטור, די העלפערין אין דער געבורט, די געטין פון די שטעדט, שיפען, געזעצען, ליעבע און התונה.

גְלַייך ווי עֶס וואָרְט אויפְגֶעשְׁטַאנֶען
פון זַיין קֶבֶר יִרְמְיָהוּ —

און דֶער שְׁמֶערְצְקְלַאנְג פון זַיין לִיעד הָאט
מִילְד גֶעמַאכְט דִי חוּרְבוֹת־פֵייגֶלֶען
און גֶענָאהֶנְט הָאט מִיט רַחֲמָנוּת
שְׁטִיל צוּ אִיהְם דֶער ווילְדֶער קָארְשׁוּן.

דָאךְ אַ ווילְדֶער סַארַאצֶענֶער
איז פַארְבַּייגֶערִיטֶען דָארְטֶען,
וויגֶענְדִיג זִיךְ אויף זַיין פֶערְד הויךְ,
אִין דֶער הַאנְד אַ שְׁפִּיז אַ בְּלַאנְקֶען.

און דִי בְּרוּסְט פון טְרוֹיעֶרְזִינְגֶער
הָאט גֶעשְׁטָאכֶען עֶר דֶעם מָאְרְדְשְׁפִּיז,
און בְּלִיץ־שְׁנֶעל אַוֶועקְגֶערִיטֶען
אִין פֶערְשְׁוואונְדֶען ווי אַ שָׁאטֶען.

רוּהִיג אִיז דָאס בְּלוּט גֶערוּנֶען —
רוּהִיג הָאט צוּ עֶנְד גֶעזוּנְגֶען
זַיין גֶעזַאנְג דֶער רַבִּי, און צוּם
לֶעצְטֶען מָאל גֶעשׁוּפְצְט דַאן: „צִיוֹן“! —

דָאךְ דֶערְצֶעהְלְט אַן אַלְטֶע זַאגֶע,
דָאס דֶער סַארַאצֶענֶער איז גָאר
נִיט גֶעוֶועזֶען אַ מֶענְשׁ אַ שְׁלֶעכְטֶער,
נָאר בְּלויז אַ פֶערְשְׁטֶעלְטֶער מַלְאָךְ,

וועלְכֶער איז גֶעשִׁיקְט גֶעוֶועזֶען
צוּצוּנֶעהְמֶען גָאטֶס בֶּעלִיעבְּטֶען
פון דֶער עֶרְד און אִיהְם אָהְן שְׁמֶערְצֶען
אִין דִי הִימֶעל־וֶועלְט צוּ בְּרֶענְגֶען.

דָארְט, דֶערְצֶעהְלְט זִי, הָאט עֶרְוַוארְט אִיהְם
אַ קַבָּלַת פָּנִים, וואָס איז
אַנְגֶענֶעהְם שְׁטַארְק פַאר אַ דִיכְטֶער,
אַן אַרְט הִימֶעל־אִיבֶּערְרַאשׁוּנְג.

אִיהְם אַנְטְקֶעגֶען איז גֶעקוּמֶען
יוֹם־טוֹבְ׳דִיג אַ פָּאר מַלְאָכִים
און גֶעזוּנְגֶען אִיהְם אַ מִזְמוֹר —
זַיין אַן אֵייגֶען לִיעד אַ שֶׁענֶעס.

יֶענֶעס שׁוּלְגֶעזַאנְג דָאס זִיסֶע,
יֶענֶעס שַׁבָּת־לִיבֶּע זֶמֶר,
מִיט דִי פְרֶעהְלִיכֶע בֶּעקַאנְטֶע
מֶעלָאדִיעֶן — וואָס פַאר יֶענֶער!

גֶעטְרָאמֵייטֶערְט הָאבֶען כְּרוּבִים
און גֶעפִידֶעלְט הָאבֶען שְׂרָפִים,
אַנְדֶערֶע גֶעשְׁפִּיעלְט אויף הַארְפֶען
און גֶעפּוּיקְט אויךְ און גֶעצִימְבֶּעלְט.

און גֶעקְלוּנְגֶען און גֶעזוּנְגֶען
הָאט עֶס לִיעבְּלִיךְ, און אִין וַוייטֶען,
גְרוֹיסֶען הִימֶעל הָאט גֶעהֶערְט זִיךְ:
„לְכָה דוֹדִי לִקְרַאת כַּלָּה!“

.IV

אִינְצוּפְרִיעדֶען איז מַיין וַוייבּ שְׁטַארְק
מִיט דֶעם פָארִיגֶען קַאפִּיטֶעל,
און בֶּעזוּנְדֶערְס בְּנוֹגֵעַ,
צוּ דֶעם קֶעסְטִיל פוּן דָרְיוֶוש.

שִׁיער מִיט בִּיטֶערְקֵייט בֶּעמֶערְקְט זִי:
דָאס אַ מַאן אַן אֶמֶת פְרוּמֶער,
ווי עֶס דַארְף זַיין, וואָלְט דָאס גָאלְדֶען
קֶעסְטִיל גְלַייךְ אויף גֶעלְד פֶערְבִּיטֶען

און גֶעקוֹיפְט דֶערְפַאר זַיין אָרֶעם
וַוייבּ, וואָס איז מִיט אִיהְם פֶערְשְׁלֵייעֶרְט
עַל פִּי דִין, אַ קַאשֶׁעמִירְקְלֵייד,
וואָס זִי דַארְף דָאךְ נֵייטְהִיג הָאבֶען.

און יְהוּדָה בֶּן הַלֵּוִי,
מֵיינְט זִי, קָאן בְּכָבוֹד רוּהֶען

אין אַ שענעם פּאָטעראַל אויך
פון קאַרטאָן פיין אויסגעצאַצקעט
מיט חינעזיש עלעגאַנטע
מאַלעריַיען ווי די שענע
באַנבאַניערקעס פון מאַרקיזע
אין פּאַסאַזשע פּאַנאָראַמאַ.

„דאָך מיך וואונדערט!“ – אַזוי האָט זי
אויסגעפיהרט, „דאָס איך האָב קיין מאָל
ניט געהערט דעם דיכטערנאָמען
פון יהודה בן הלוי“.

–ליעבסטעס קינד,–האָב איך געענטפערט–
אָט דאָס ליעבליכע ניט־וויסען
ווייזט ווי גרויס איז דער חסרון
פון פראַנצויזישער ערציהונג,

און פון די פּאַריזער שולען
וואו די מיידליך, אָט די קינפטיגע
מוטערס פון אַ פאָלק אַ פרייען
ווערען דאָרטען אויסגעבילדעט –

אַלטע מומיעס, אויסגעשטאָפּטע
פּרעה'ס פון דעם לאַנד מצרים,
מעראָווינגער שאָטען מלכים [12])
אונגעפודערטע פּאַרוקען,

ווי אויך כינא'ס צעפּ מאָנאַרכען,
פאַרצעליינע־תפלה־קיסרים –
דאָס אַלין לערנען זיי אויס אויסוועניג,
קלוגע מיידליך, אָבער, הימעל!

ווען מע פרעגט זיי איבער נעמען
פון דער גאָלדענער צייט דער גרויסער,
פון אַראַביש אַלט־היספּאַנישע
יודישע פּאָעטענשולע,

פרעגט מען וועגען דרייפאַך־שטערן,
רב יהודה בן הלוי,
רבי שלמה בן גבירול
און רב משה אבן עזרא,

פרעגט מען זיי אַזעלכע נעמען,
קוקען אָן מיט גרויסע אויגען
אונז די שענע קינדער, און זיי
קאָנען זיך פון אָרט ניט ריהרען.

ראַטהען וואָלט איך דיר, געליעבטע,
צו דערהאַלען דאָס פערזוימטע
און צו לערנען לשון קודש –
לאָז טהעאַטער און קאָנצערטען,

און בעשעפטיג זיך אַ פּאָר יאָהר
מיט דעם למוד, דו וועסט קאָנען
לייענען דאַן אין דעם מקור
אבן עזרא און בן גבירול,

און פערשטעהט זיך, אויך הלוי'ן,
דאָס איז יענער גרויסער דיכטער,
וועלכער האָט די שענסטע ליעדער
אָבגעשפּיעלט אויף דוד'ס פּיעדעל,

אַלחריזי – איך קאָן וועטען, [13])
דאָס אויך ער איז אונבעקאַנט דיר,
חאָטש זיין וויין איז עכט פראַנצויזיש,
און הרירי'ן איבערטראָפען [14])

---

[12]) איין אַלטעס קעניגליכעס געשלעכט, וואָס האָט געהערשט אין פראַנקרייך.

[13]) יהודה בן שלמה חריזי (אלחריזי) איז אַ בעקאַנטער יודישער משורר. בעזונדערס בעריהמט איז ער געוואָרען דורך זיין ווערק „תחכמוני“.

[14]) הרירי איז געווען אַ'נ'אַראַבישער דיכטער, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט דורך זיין ספר „מאַקאַמאַט“. מאַקאַמע איז אַ'נ'אַרט דיכטונג, וועלכע בעשטעהט אין פּראָזאַ מיט גראַמען.

האט ער ווייט אין די מאקאמען,
און געווען א וואלטעריאנער [15]
איז ער לאנג שוין איידער וואלטער —
אלחריזי האט געזאגט דאס:

„דורך געדאנקען גלענצט גבירול
און געפעלט צומייסט דעם דענקער,
דורך זיין קונסט גלענצט אבן עזרא
און איז אנגענעהם דעם קינסטלער —

„אבער אלע ביידע מעלות
האט יהודה בן הלוי,
און ער איז א גרויסער דיכטער
און בעליבט פון אלע מענשען".

אבן עזרא איז יהודה
בן הלוי'ס פריינד געוועזען
אדער גאר א קרוב זיינער.
און זיין רייזע־בוך בעקלאגט זיך

רב יהודה, ווי אומזיסט איז
ער געקומען קיין גראנאדא,
אים זיין פריינד דארט אויפצוזוכען.
שטאט איהם האט ער דארט געפונען

נור זיין ברודער רבי מאיר
דעם פאעט און מעדיצינער,
און דער פאטער פון דער שיינהייט
וואס'ט בעצויבערט אבן עזראן.

די קוזינע צו פערגעסען
האט ער זיך געלאזען וואנדערן,
און אנע ונד געווארען
ווי שוין מאנכער אנדערע דיכטער.

וואנדערנדיג קיין ירושלים,
זענען טאטערן איהם בעפאלען
און אוועקגעשלעפט געבונדען
אויף א פערד איהם אין די סטעפעס.

דארט האט ער געמוזט טהון מלאכות,
וועלכע פאסען ניט א רבי'ן
און נאך ווייניגער א דיכטער —
קיה האט ער געמוזט דארט מעלקען.

איינגעבויגען איז ער איינמאל
אונטער א קיה'שע בויך געזעסען
און דעם אייטער גיך געמאלקען,
שטראמוויז איז די מילך גערונען.

וואס פאר א בזיון איז דאס
פאר א רבי, פאר א דיכטער!
דאן איז איהם א שמערץ בעפאלען
און גענומען האט ער זינגען.

און זיין צארטעס זיסעס זינגען
האט געריהרט דעם פירסט פון שבט
וואס איז דארט פארביי געגאנגען —
און בעפרייט האט ער דעם שקלאפען.

און דערצו איהם נאך געגעבען
פיעל געשענק, א פיקסענפוטער,
אנ'אראבישע מאנדאלינע
און אהיים צו רייזען צעהרגעלד.

דיכטער־מזל! בייזער שטערען
וואס פערפאלגט די זיהן אפאלאס [16]
תמיד; יא געשוינט אפילו
האט ער אויך ניט זייער פאטער

[15]) וואלטער א נרויסער פראנצויזישער פילאזאף אין 18 יאהרהונדערט. נאך איהם ווערט נערופען יעדער פריידינקער — וואלטעריאנער.

[16]) אפאלא איז דער גאט פון מיזיק און נעזאנג. די דיכטער הייסען זיינע קינדער.

בְּעֵת עֶר הָאט גֶעיָאגְט דִי דַאפְנֶע,[17]
הָאט עֶר שְׁטָאט אִיהְר לַייבּ דֶעם וַוייסֶען,
נוּר דֶעם לָארְבֶּערְבּוֹים אוּמְשְׁלוּנְגֶען
עֶר דֶער גֶעטְלִיכֶער שְׁלוּמִיאֶל!

יָא אַפָּאלָא אִיז צוּפֶעלִּיךְ אוֹיךְ
אַ שְׁלוּמִיאֶל, אוּן דֶער לָארְבֶּער,
וָואס גֶעקְרוֹינְט הָאט שְׁטָאלְץ זַיין שְׁטֶערְן,
אִיז אַ שְׁלוּמִיזַאלְנִיק־צַייכֶען.

וָואס בֶּעטַייט דָאס וָוארְט שְׁלוּמִיאַל
וַוייסֶען מִיר, עֶס הָאט שַׁאמִיסָא[18]
אִיהְם פֶערְשַׁאפְט שׁוֹין לַאנְג אִין דַייטְשְׁלַאנְד
בִּירְגֶער־רֶעכְט—דֶעם וָוארְט נוּר מַיין אִיךְ—

אָבֶער אוּנְבֶּעקַאנְט גֶעבְּלִיבֶּען
וִוי דִי קְוֶועלֶען פוּן טַייךְ נִילוּס
אִיז זַיין מָקוֹר; כְּ'הָאבּ דֶערִיבֶּער
מַאנְכֶע נַאכְט דֶעם קָאפּ צוּבְּרָאכֶען.

אִין בֶּערְלִין צוּרִיק מִיט יָאהְרֶען
הָאבּ אִיךְ פָארְגֶעלֶעגְט דִי שַׁאֲלָה
פַאר מַיין גוּטֶען פְרַיינְד שַׁאמִיסָא,
פַאר דֶעם עֶלְטֶעסְט שְׁלוּמִיאֶל—

דָאךְ עֶר הָאט מִיךְ נִיט בֶּעפְרִיעדִיגְט,
אָנְגֶעוִוייזֶען הָאט עֶר מִיר נוּר
וֶועגֶען דֶעם אוֹיף הִיצִיג, וָואס הָאט[19]
אוֹיסְגֶעזָאגְט אִיהְם דִי פַאמִילְיֶע

פוּן זַיין פֶעטֶער אָהְן—אַ שָׁאטֶען,
גְלַייךְ גֶעפְלוֹיגֶען אוֹיף אַ דְרָאשְׁקֶע
בִּין אִיךְ צוּ דֶעם הֶערְרְ'ן הִיצִיג,
וָואס'ט אַמָאל גֶעהֵייסֶען אִיצִיק.

בְּעֵת גֶעוֶוען אִיז עֶר נָאךְ אִיצִיק
הָאט זִיךְ אִיהְם אַמָאל גֶעחָלוּמְט
דָאס זַיין נָאמֶען שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,
מִיט אַ ה"א פָארְאוֹיס, אִין הִימֶעל.

„וָואס קָאן פָארְט דָאס ה"א בֶּעטַייטֶען?"
הָאט גֶעקְלֶערְט עֶר, צִי הֶערְר אִיצִיג,
אָדֶער אֶפְשַׁר הֵיילִ'גֶער אִיצִיק?
הֵיילִיג אִיז אַ שֶׁענֶער נָאמֶען

דָאךְ נִיט פַאר בֶּערְלִינֶער, עֶנְדְלִיךְ
הָאט עֶר הִיצִיג זִיךְ גֶערוּפֶען,
סְ'הָאבֶּען נוּר גֶעוואוּסְט פֶּערְטְרוֹיטֶע,
דָאס אִין הִיצִיג שְׁטֶעקְט אַ קָדוֹשׁ.

„הֵיילִיגֶער אִיצִיק!", אַזוֹי הָאבּ אִיךְ
אוֹיסְגֶערוּפֶען, בְּעֵת צוּ אִיהְם בִּין
אִיךְ גֶעקוּמֶען, זָאגְט פוּן וַואנֶעט
קוּמְט אַרוֹיס דָאס וָוארְט שְׁלוּמִיאֶל?"

לַאנְג גֶעטַעהֶנֶה'ט הָאט דֶער קָדוֹשׁ.
דָאס עֶר קָאן זִיךְ נִיט דֶערְמָאנֶען
אוּן גֶעזָאגְט אַ סַךְ תֵּירוּצִים
פוּן דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער אֱמוּנָה.

---

[17]) דאַפנע בעטייט לאָרבערבוים, וואָס פון זיינע צווייגען האָט מען אין אלטערטום געפלאָכטען קרענץ צו קרוינען די דיכטערס. דאַפנע איז אויך דער נאָמען פון א געטינס א מאָכטער, וועלכע אפאלא האָט געליעבט און וועלכע ער האָט איינמאָל נאָכגעיאָגט. דאַפנע איז אָבער דורך דעם ווילען פון איהר מיטער פערקעהרט געוואָרען, ווי נור אפאַ־לא האָט זי געהאַפט, אין א לאָרבערבוים.

[18]) שאמיסאָ איז אַ דייטשער דיכטער, וועלכער איז בעזאָנדערס בעריהמט געוואָ־רען דורך זיין ערצעהלונג „פעטער שלעמיעל" אין וועלכער ער שילדערט א מענשען, וואָס האָט פערלאָרען זיין שאָטען.

[19]) היציג, אַ געבאָרענער יוד, איז געווען בעקאַנטער געלערנטער. שפּעטער איז ער איבערגעגאַנגען צום קריסטענטום.

בִּיז עֶס הָאט גֶעפְּלַאצְט אַס עֶנְדֶע
מַיין גֶעדוּלְד אוּן אָנְגֶעהוֹיבֶּען
הָאבּ אִיךְ שְׁטַארְק צוּ שִׁילְטֶען, זִידְלֶען,
אִיהְם צוּזַאמֶען מִיט זַיין גְלוֹיבֶּען.

מַיין צְבוּעַק אִיז גְלֵייךְ גֶעוָוארֶען
ווִי אַ טִייטֶער אוּן גֶעצִיטֶערְט,
גְלַייךְ עֶרְפִילְט הָאט עֶר מַיין רָצוֹן
אוּן דָאס דָאזִיגֶע דֶערְצֶעהְלְט מִיר:

„אִין דֶער תּוֹרָה שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיעבֶּען
ווִי בְּעֵת דֶער ווִיסְטֶענְוַואנְדֶערוּנְג
הָאט יִשְׂרָאֵל זִיךְ בֶּעלוּסְטִיגְט
אָפְט מִיט מִדְיָנִים שֶׁעגֶע טֶעכְטֶער.

„אֵיינְמָאל אִיז גֶעשֶׁעהְן, דָאס פִּנְחָס
הָאט גֶעזֶעהְן אַ שֶׁעגְדְלִיךְ מַעֲשֶׂה,
ווֶעלְכֶע זִמְרִי אִיז בֶּעגַאנְגֶען,
מִיט אַ מִדְיָנ'שֶׁער נְקֵבָה.

„גִיךְ הָאט עֶר זַיין שְׁפִּיעז גֶענוּמֶען
אוּן מִיט ווִילְדֶען כַּעַס דֶערְשְׁטָאכֶען
אוֹיפְ'ן שְׁטֶעל דֶעם רָשָׁע זִמְרִי —
אַזוֹי שְׁטֶעהְט עֶס אִין דֶער תּוֹרָה.

„דָאךְ דֶערְצֶעהְלְט דָאס פָאלְק זִיךְ מִינְדְלִיךְ
אַן'אַגָדָה פוּן פַארְצַייטֶען,
דָאס גֶעוֶועזֶען אִיז נִיט זִמְרִי,
ווֶעלְכֶען פִּינְחָס הָאט דֶערְשְׁטָאכֶען.

„נָאר אַנְשְׁטַאט דֶעם חוֹטֵא זִמְרִי
הָאט עֶר אוּמְזִיסְט גֶעטְרָאפֶען,
בְּלִינְד פוּן כַּעַס, אַן'אוּמְשׁוּלְדִיגֶען, —
דֶעם שְׁלוּמִיאֵל בֶּן צוּרִישַׁדַי." —

אָט דֶער דָאזִיגֶער שְׁלוּמִיאֵל
אִיז דֶער עֶלְטֶערְפָאטֶער פוּן דֶעם
שְׁלוּמִיאֵלְנִיקְ־שֵׁבֶט, אוּן מִיר
זֶענֶען אַלֶע זַיינֶע קִינְדֶער.

אֱמֶת קֵיין שׁוּם הֶעלְדֶענְטָהאטֶען
ווֶערְט דֶערְצֶעהְלְט פוּן אִיהְם, מִיר קֶענֶען
נוּר זַיין נָאמֶען, אוּן מִיר ווֵייסֶען,
דָאס גֶעוֶועזֶען אִיז עֶר „שְׁלוּמִיאֵל".

דָאךְ דֶעם בּוֹים פוּן אַ מִשְׁפָּחָה
שֶׁעצְט מֶען נִיט צוּלִיעבּ דִי פֵּירוֹת.
נוּר צוּלִיעבּ זַיין הוֹיכֶען עֶלְטֶער —
אוּנְזֶ'רֶער אִיז דְרַיי טוֹיזֶענְד יָאהְר אַלְט!

יָאהְרֶען קוּמֶען אוּן פֶערְגֶעהֶען —
דְרַיי יָאהְרְטוֹיזֶענְד אִיז פֶערְגַאנְגֶען,
זַייט דֶעם טוֹיט פוּן אוּנְזֶער זֵיידֶען
רֶב שְׁלוּמִיאֵל בֶּן צוּרִישַׁדַי.

לַאנְג שׁוֹין טוֹיט אִיז אוֹיךְ רֶב פִּינְחָס —
דָאךְ זַיין שְׁפִּיעז הָאט זִיךְ עֶרְהַאלְטֶען
אוּן מִיר זֶעהֶען ווִי עֶר הֵיינְגְט אַלְיין
אִיבֶּער אוּנְזֶער קָאפּ בֶּעשְׁטֶענְדִיג.

אוּן עֶר טְרֶעפְט דִי בֶּעסְטֶע הֶערְצֶער —
ווִי יְהוּדָה בֶּן הַלֵוִי,
הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעטְרָאפֶען מֹשֶׁה
אֶבֶּן עֶזְרָא אוּן בֶּן גְבִּירוֹל.

אוֹיךְ בֶּן גְבִּירוֹל — עֶר דֶער טְרֵייעֶר
גָאט עֶרְגֶעבֶּענֶער מְשׁוֹרֵר,
עֶר, דִי נַאכְטִיגַאל דִי פְרוּמֶע,
וָואס זַיין רוֹיז אִיז גָאט גֶעוֶועזֶען.

אָט דִי נַאכְטִיגַאל הָאט אִיהְרֶע
לִיעבֶּע לִיעדֶער זִיס גֶעזוּנְגֶען
אִין דֶעם מוֹרָא'דִיגֶען חֹשֶׁךְ
פוּן דֶער נַאכְט פוּן מִיטֶעלְאַלְטֶער!

אוּנְגֶעשְׁרָאקֶען, אוּנְבֶּעקִימֶערְט
פוּן דִי שֵׁדִים אוּן מַזִיקִים,
פוּן דֶעם טוֹיט אוּן דֶעם שִׁגָעוֹן,
וָואס עֶרְפִילְט הָאט יֶענֶע שְׁרֶעקְנַאכְט,

האט די נאכטיגאל די זיסע
נור געדאכט אן נאט איהר ליעבסטען,
איהם געיאמערט האט איהר ליעבע,
איהם געקלונגען האט איהר לויבליעד.

דרייסיג פריהלינגס האט ערלעבט נור
אויף דער ערד בן גבירול, אבער
ווייט און ברייט בעקאנט געווארען
איז זיין נאמען אין די לענדער.

געבען איהם אין שטאדט קארדאווא
האט געוואוינט אויך א ישמעאל,
וואס האט אויך געשריבען שירים
און איהם שטארק געווען מקנא.

הערענדיג דעם דיכטערס זינגען
איז זיין גאל איהם אויפגעשוואלען,
די מתיקות פון די ליעדער
האט פערסמט נור דעם מקנא.

אין זיין הויז ביי נאכט מיט פאלשקייט
האט פערפיהרט ער דעם פערהאסטען,
און איהם שטילערהייט דערשלאגען,
און בעגראבען אין זיין גארטען.

אבער זעהט נור! פון דעם ארט, וואו
בן גבירול איז געלעגען,
איז א פייגענבוים געוואקסען,
פון דער וואונדערבארסטער שענקייט.

הערליך איז זיין פרוכט געוועזען,
ליינגליך, פול געווירצטע זיסקייט,
ווער עס האט דערפון גענאסען
איז פערזונקען אין ענטציקען.

פיעל געשמועסט און געסודעט
האט זיך לאנג דאס פאלק דעריבער,
ביז צולעצט ערדייכט די שמועה
האט די אויער'ן פון כליפ'ן.

און געפרופט מיט אייגנעם גומען
האט ער יענע צויבער־פרוכטען,
און ס'געהיימניס צו ענטדעקען
האט געזעצט ער א קאמיסיע.

זעכציג מלקות אויף די פיאטעס
פון דעם גארטענאייגענטימער
האט מען אבגעשלאגען גלייך, ביז
ער האט מודה זיך געוועזען.

אויסגעריסען פון דער ערד אויך
האט מען גלייך דעם בוים אין גארטען,
און צום פארשיין איז געקומען
דער געהרגעטער בן גבירול.

און צו קבורה מיט גרויס כבוד
האבען איהם געבראכט די ברידער.
אין דעמזעלבען טאג געהאנגען
האט מען אויך דארט דעם ישמעאל.

# אַ טָעוּת.

## ע ר צ ע ה ל ו נ ג.

---

(פאָרטזעצונג).

איינענטליך האָט איהם ניט גערירט די לאַגע פון בערקעס מוטער. ער האָט ניט פערשטאַנען איהר אונגליק אַזוי טיעף, ווי בערקע האָט איהם געפיהלט. נאָר איהר טויט האָט איהם דערמאַנט אָן טויט פון אַ זעעלע, וואָס איז איהם אַזוי טייער געווען און האָט אַ טיעפען איינדרוק געלאָזט אויף איהם...

— אוי, דער טויט — זיפצט הירשעל אָב. — כ'האָב אויך ניט לאַנג פערזוכט דעם טעם!...

בערקע איז גערן געווען, הירשעל זאָל זיך נעהמען אצונד עפּיס רעדען. ער האָט ניט אַזוי פיעל געוואָלט הערען, ווי ער האָט געוואָלט שווייגען, אָבּרוהען זיך, און טאַקי אַביסיל פערגעסען דאָס, וואָס האָט אין איהם אצונד אויפגעלעבט.

„צוויי שוועסטער האָב איך סך הכל געהאַט,“ האָט הירשעל אָנגעהויבען שטיל און געצויגען, גלייך ער דערצעהלט ניט — יענער זאָל הערען, נאָר פאַר זיך אַליין. די עלטערע האָב איך ניט אַזוי ליעב; נאָר יענע... אָ! ס'איז געווען מיין נשמה! מיר זענען ביידע אַ צווילינג געווען, אַז מיין פאָטער איז געשטאָרבען, האָט די עלטערע שוין געהאַט אַ מאַן; נאָר פריידיל — אַזוי האָט מיין צווילינג געהייסען — איז גע־בליבען אויף מיר. איך בין שוין געווען צוויי יאָהר ביי דער נאָדעל, כ'האָב שוין בעקומען געהאַלט; איך האָב געקליבען — געקליבען און אָנגעקליבען פון איהר'ט וועגען נָדָן מיט „התונה הוצאות“. האָט מיך דער רוח געטראָגען... בעקענט זיך מיט איינעם אַ שניידער יונג... נישטאָ וואָס צו זאָגען: אַ גוטער אַרבייטער געווען! דערצו אַ בראַווער יונג, אַ קלוגער! מיר איז ער שטאַרק געפעלען. איך האָב געהאַלטען פון איהם, ווי פון אַ עלטערן ברודער... נישט אַרויסגעגאַנגען קיינמאָל פון זיינע רייד... מ'האָט איהם ניט געקאָנט — ניט פאָלגען; אַז ער האָט דיר עפּיס געזאָגט, עפּיס נעפּאָדערט, איז עס געווען — מיט דער נאָדעל צוגענייהט! האָסט פערשטאַנען און געפיהלט, אַז אַזוי דאַרף עס זיין, ווי ער וויל, און — ניט אַנדערש. ער האָט זיך גע־מאַכט איין איינגאַנג צו אונז אין שטוב אַריין, און... און האָט געהאַפּט אַ „עַיִן הָרָע“ פון דער שוועסטער... ער האָט זיך אין איהר „פערליאַפּעט“ אויף עולם וָעֶד, מיר... וואָס זאָל איך לייקענען, איז די זאַך צוגעשטאַנען צום האַרץ, פאַר וואָס ניט? אבי ער

וויל נור. איהר איז דאָך קיין הילוק ניט. סיי ווי סיי דאַרף זי דאָך חתונה האָבען...
איך, ווידער, דאַרף סיי ווי וועמען דעם נדן געבען — איז דאָך גלייכער איהם. ס'אַ
גוטער ברודער, אַ קלוגער, אַ שטיקל וואָהל־קענעוודיגער; פון די לוטוואַקעס איז ער
געוועזן. זי אָבער, פּיידיטשקע מיינע, האָט געזאָגט: ס'איז איהר יאָ אַ הילוק, ע...ס
האָט זי זיך אָבגעזוכט אַ פּריקאַשטשיק פון אַ קליט... „יענעם האָב איך ליעב, זאָגט
זי, אַז כ'ל יענעם ניט נעהמען, וועל איך שטאַרבען... פּונקט אַזוי האָט דער לוטוואַק
מיינער געשענ'ט וועגען איהר... גלייך זי האָבען עס ביידע פון ערגיץ אויסגעלערנט,
אויסגעהזרט...

איך האָב איהר ניט געהאַט וואָס אָבצורעדען, ווייל אין אמת'ן איז זי דאָך
אויך גערעכט: „סיי וועמען; זאָגט זי, דאַרפסטו נדן געבען, וואָס זשע אַרט דיך דער
פּריקאַשטשיק?!" מיין לוטוואַק אָבער, טענה'ט ער, וקים: „אַז דו גיסט נדן, דאַרף עס
געווענדט זיין אין דיר! דו ביסט אַ גוטער ברודער, נישט גלייכער דיר מיך צו האָבען
פאַר אַ שוואָגער. איידער יענעם „יאלד"?!... איי וואָס? זי זאָגט: „ליעבע־שמיעבע"—
נאַרישקייטען; וועט חתונה האָבען, וועט איהר אַרויס אַלע חלומות פונ'ם קאָפּ... אַר־
צינד רעדט זי פון הוטין... נאָר דו דאַרפסט זיך איינשפּאַרען. ביי נקבות איז'ס גע־
ווענדט אין חתונה האָבען"... און איך האָב איהם געפאָלגט, זיך איינגעשפּאַרט...
בקיצור, זי האָט געוויינט — געוויינט, און צו דער חופּה האָט מען זי כמעט געדאַרפט
שלעפּען... דער לוטוואַק איז גערעכט געווען. זי האָט אַ פּנים פערגעסען אָן איהר פּרי־
קאַשטשיק. זי האָט ניט אַמאָל דערמאָנט זיין נאָמען. פערגעסען ווי דעם פאַריאָהריי־
גען „תשליך" און איין עק. נאָר באַלד נאָך דער חתונה — אָנגעהויבען קריינקען; איך
פלעג זיך אַוועקזעצען ביי איהר בעט, פרעגען, היקר והזרש זיין: „וואָס איז דיר,
שוועסטער?" זי ענטפערט איינס איבער צעהן... קוים זיך אויסגעקוועטשט: זי ליעבט
איהם ניט!" „וועמען?" פרעג איך, דעם פּריקאַשטשיק? — „ניין, זאָגט זי, דעם
פּריקאַשטשיק האָב איך שוין לאַנג פערגעסען. איך בין דאָך אונטער אַ חופּה גע־
שטאַנען — נאָר איהם, דעם לוטוואַק... אוי, קרעכצט זי, איך קאָן מיט איהם ניט
לעבען!"

„ס'איז דיר שלעכט ביי איהם? — פרעג איך זי — ער קריגט זיך מיט דיר?"
„ניין זאָגט זי, ולמאי זאָל איך ליגען? ער האָט מיך, דאַכט זיך ליעב... נאָר הלואי
וואָלט ער מיך פיינד האָבען. איך קאָן ניט, ברודער טייערע, זאָגט זי, איך קאָן מיט
איהם ניט לעבען!"

איך האָב ביי זיך געפּאַסט, גלייך זי וועט געזונד ווערען, זאָל איך אַ שמועס
טוהן מכּה גט. ס'איז דאָך אַ גוטער ברודער, האָב איך געטראַכט, כ'ל איהם בעטען...
אַז מען וועט דאַרפען, וועל איך אַפילו וויינען...

נאָר איידער זי איז געזונד געוואָרען. איז זי פערגאַנגען אין טראָגען... באַלד
זענען אַוועק די ניין חדשים... געבוירען אַ קינד... געזויגען... געניאַנטשעט... און נאָך
אַמאָל פערגאַנגען. דערווייל האָט זיך דאָס ערשטע אָבגעטראָגען; דאָס אַנדערע האָט
זי מפּיל געווען. די זאַך איז זיך פערגאַנגען... ס'הייסט, ביי מיר איז עס זיך פערגאַנ־
גען און זי האָט געשוויגען, טריר געווען, אימשטיינס געזאָגט, מיט טראָגען, האָבען,

ניאַנטשען און בעגראָבען, ס'האָט זיך ביי זיי קיין קינדער ניט געהאַלטען. אויף איינמאָל . איך האָב דאַמאָלס געאַרבעט אין אַ פרעמדער שטאָדט — בעקום איך אַ דעפּעש פון'ם שוואָגער: „קום צו פאָהרען".

איך בין תכף געפאָהרען... כ'האָב זי נאָך פערהאַפּט לעבענדיג... אַ פיערטיל שעה פאַר'ן טויט... זי האָט געוואָלט בלייבען מיט מיר אַליין אין שטוב. מיין שוואָגער איז אַרויסגעגאַנגען; איך בייג מיך אָן צו איהר: „וואָס איז דיר, שוועסטער?" ווייז איך און פרעג.

„איך בין דיר מוחל", ענטפערט זי, קוים וואָס מ'האָט געקאָנט הערען. „מוחל-דיר, ברודער!"

וואָס הייסט, טראַכט איך, ביסט מיר מוחל? וואָס האָב איך איהר דען אַ-זוינס געטהון? נאָר זי שעפּטשעט ווייטער: „איך שטאַרב. און דו, ברודער, גיב מיר די האַנד: ניט געליעבט, זאָלסטו ניט התונה האָבען. אַז ס'וועט דיר צום האַרץ ניט צו-שטעהן, איז'ס ניט דיינס!"

וואָס אַ נאַרישער נקיבה קאָן קומען אויפ'ן געדאַנק צו רעדען פאַר'ן טויט! מיר האָט זיך דאָס האַרץ איבערגעקעהרט. איך זעה - מיין שוועסטער שטאַרבט — און זי האָט אין זינען ליעבען און חתונה האָבען! געדענקט געווען דער לוטואַק: „דאָס פאָלק, פלעגט ער זאָגען, איז געבוירען געוואָרען, מען זאָל עס ליעבען, מע זאָל זיך קאָצקען דערמיט, און ס'זאָל קינדער געבוירען!"...

זי איז געשטאָרבען, און מיך האָט זי געלאָזט. וואָס זאָל איך זאָגען? געלאָזט אָהן גאָרנישט. קיינעם האָב איך אַזוי ניט ליעב געהאַט, ווי — זי. עלענד בין איך געבליבען. קיין עלטערן האָב איך ניט; צו יענער שוועסטער פאָהר איך אַמאָל אַריין — בין איך אַ גאַסט אַ טאָג, צווי, דריי און נאָכדעם ווערט מיר אומעטיג. איך פאָהר אַוועק, נעם זיך צו דער אַרבייט אַ טאָג, אַ וואָך, אַ הדש — געהט עס נאָך, ווי עס איז. נאָכדעם הויבט מיר אָן קשה ווערען — נאָך וואָס? נאָך וואָס איז דאָס אין גאַנצען?! שטעק די נאָדעל אין געוואַנט אַריין, נעם דיר אַרויס די אויגען, ס'זאָל זיין גלייך, ניט איינגעצויגען, ניט קאָרטשען זיך, נו, וואָס וועט זיין דערפון? „וועט יענער אָנקווע-לען פון שטיקיל אַרבייט!" וואָס זשע קומט מיר אַרויס דערפון? „דער בעל הבית וועט דיך האַלטען, גוט בעצאָהלען!" נו ווייטער פאָרט, וואָס וועט זיין מיט'ן געלד, וואָס ער צאָהלט דיר? כ'האָב דאָך שוין מעהר קיין שוועסטער ניט התונה צו מאַכען. דאָס פאָסט-ביכיל איז מיר שוין באַלד אויסגעפּולט. נו, וואָס וועט ווייטער זיין? איי — איי, פריידישקע, פריידישקע! ווען דו לעבסט און האָסט קינדער, ס'האָטש געווען, וואָס צו טהון מיט געלד!

הירשעל איז אַנטשוויגען געוואָרען. ער האָט אַרומגענומען די הענד אַרום איין קני, און האָט זיך ערגיץ פערקוקט.

בעקקע איז געווען פערנומען מיט זיך. אַ סך ווערטער פון הירשעלס ערצעהלונג האָט ער דורכגעלאָזט, ניט איינגעהערט זיך. אַ סך ווערטער זענען איהם ניט אַזוי קלאָהר און פערשטענדליך געבליבען. אַז הירשעל איז אַנטשוויגען געוואָרען, האָט ער זיך אין גאַנצען אומגעקעהרט צו זיינע געדאַנקען. זיי זענען געוועסען אַ צייט לאַנג און גע-

שווינגען. הירשעל האָט געטראַכט פון זיין געשטאָרבענער שוועסטער, וועלכע איז איהם אַזוי טייער געווען, און בערקע האָט געטראַכט פון זיין טרויריג לעבען. נאָר הירשעלס טרויערינקייט האָט איהם עפּיס לעבעדיגער און מונטערער געמאַכט.

„דו מיינסט—האָט בערקע ווידער אָנגעהויבען — אַז עס טהוט מיר באַנג, וואָס איך האָב אָבגענאַרט די מאַמען, נאָר א ברעקיל נישט. דאָס איז קוממיות מיט רויע פאַרפיל. אַמאָל קויפט מען זיך מיט אַ ליגען אַ מצוה. מענשען דאַרפען אַמאָל נויטהיג — עמיצער זאָל זיי אָבנאַרען. אַזוי איז שוין די וועלט; ווילסטו לעבען, מוזטו אַמאָל גענאַרט ווערען... פון אַ שענעם ליגען, האָסטו האָטש הנאה... אָט קוק אונזער מלאכה! שניידעריי, איז איטליכער מודה, איז אַ טיעפע חכמה. להבדיל אַ תורה! זי האָט קיין גרונד ניט! נו, און וואָס איז דען אונזער גאַנצע אַרבייט? אָבשטעכען אַ נאָהט, אַז ס'זאָל זיך ניט דערקאָנען, מען זאָל מיינען ס'איז אַזוי אויסגעוואַקסען... אומעטום האָט די וועלט הנאה פון אַ שענעם ליגען... איך זאָג דיר נאָך אַמאָל, ס'טהוט מיר ניט באַנג. אַמאָל נור טהוט מיך אַ ציפּ, אַ קלאַפּ דאָ אונטערן לעפעלע: „אָבגענאַרט אַ מאַמען פאַר'ן טויט! נאָר טאַקי באַלד לאַך איך מיר אַליין אויס: וואָס איז דער חטא? טאָמיר האָט זי האָטש איין מינוט אין לעבען אַ גליקליכע געהאַט, טאָמיר האָט זי געמיינט, אַז האָטש פאַר'ן טויט לעגט דער טאַטע איין די וועלט און לויפט נאָך דאָקטורים. איין מינוט האָטש — פאַר יאָהרען פון שווערער אַרבייט און אונבעלאָהנטער טריידהייט אין לעבען. עט—קוממיות!

דער טאַטע האָט גאַנץ שבעה געוויינט, ניט אַזוי פיעל געוויינט, ווי — געקרעכצט: „ט'מיך בעשפּאָט, האָט ער זיך געקלאָגט: מיך געלאָזט שטעקען אין מיטען... גנעה טהו עפּיס! ריהר דיך!" ער איז שטאַרק ברוגז געווען, וואָס זי איז געשטאָרבען.

דאָך, ס'איז אַוועק נעגאַנגען שבעה, שלשים. שכנים האָבען איהם אָנגעהויבען געבען צו פערשטעהען, אַז ער מוז חתונה האָבען: ראשית אַ קינד געבליבען אומשטיינס געזאָגט, ווי אויפ'ן וואַסער. ווער וועט עס אַפילו אַ העמדיל אָנטהון? שנית, לאָזט זיך ניט רעדען, וואָס דען טהוט אַ יוד, איין אַלמן, ניט קיין זקן און וואָס האָט אַ פרנסה ביי דער שטוב?

איך האָב מיר ניט געגלויבט — דער טאַטע זאָל חתונה האָבען. נאָר ער האָט חתונה געהאַט. איך האָב געשוויגען. עס האָבען זיך אָנגעהויבען פיהלען אין שטוב ריחות פון גוטע זייפליך, פאַרפום, אָדעקאָלאָן; ס'האָבען זיך געוויזען ניי־מאָדע סלוייעקליך מיט פלעשעליך מיט בערשטעליך מיט קאַרסעטען... מיין נייע מאמע האָט אָנגעהויבען זעהען חסרונות אין מיר. „ער איז שוין ניט קיין קינד, זאָגט זי, אַ פופצעהן יאָהריגער בחור דאַרף זיך אַנדערש אויפפיהרען. און דער עיקר דאַרף ער שוין האָבען אַ בעזונדער שלאָפצימער"...

דער טאַטע האָט מיט איהר חתונה געהאַט נור דערפאַר, ווייל ס'איז געבליבען אַ קינד... און זי זאָגט — איך בין שוין קיין קינד ניט...

נאָר איך האָב געשוויגען.

איך האָב מיין נייע מאַמען פיינד געהאַט דערפאַר, ווייל מיין אמת'ע מאַמע איז געשטאָרבען, דערפאַר ווייל זי איז א שטיעף מאַמע. און א שטיעף מאַמע דאַרף מען פיינד האָבען; איך האָב זי פיינד געהאַט דערפאַר, ווייל זי איז איין אויסנאַהם פון א פאַרשוין געווען, איך האָב איך די פיינד געהאַט דערפאַר. וואס מיין טאַטע האָט זי ליעב געהאַט... נאָר איך האָב געשוויגען.

מיין טאַטע האָט אָנגעהויבען אויפלעבען, וועניגער געשלאָפען, א ביסיל גענמישט זיך צו דער קלייט, העכער אָנגעהויבען רעדען; ער איז געוואָרען א לעבעדיגער, א פרעהליכער און א גוטענקער. ער האָט אָנגעהויבען אַרויסווייזען צו מיר פאָטער־ליעבע, געגלעט איבער דער באַק, אמאָל געשטיפט מיט מיר.

דאָס האָב איך שוין נישט געקאָנט שווייגען.

מיר האָט זיך אויסגעוויזען, ער האָט אויף מיר קיין רעכט ניט. ער מעג מיך שלאָגען, בייזערן זיך אויף מיר, ווי א טאַטע, נאָר ניט גלעטען מיך. —

איך האָב איהם געוואָלט עפּיס שלעכטס טהון, עפּיס אַזוינס, ער זאָל עס גוט פיהלען... אָבטרעטען אַ שטיינער פון דער שטוב. נאָר דאָס איז נאָך ווייניג: וואוהין טרעט מען אָב? מיר איז איינגעפאַלען א געדאַנק: כ'ל מיך פעדדינגען צו א בעל מלאכה. אַז ס'וועט איהם זיין א בושה, סטייטש א קינד — אַ בעל מלאכה, אי ער וועט קיין תירוץ ניט האָבען פאַר דער וועלט — „צוליעב דעם קינד האָט ער געמוזט חתונה האָבען!"

אויסגעקליבען דערצו האָב איך מיר אַ שניידער אין אונזער שטאָדט, וועלכער איז געווען דעם טאַטענס אַ שונא, ווייל מע פלעגט איהם פון דער קלייט ניט געבּ־ טרויען אַ קאַפּיקע. אַ גוטער שניידער געווען, נאָר דערויף איז ער געווען אַ געהאַפּ־ טער: אָנגעהמען און ניט צו צאָהלען.

און יענער האָט זיך שטאַרק אָנגענעבען מיט מיר: ס'אַ פנים מורא געהאַט טאַמיר בעט איך מיך איבער מיט'ן טאַטען, איידער כ'ל קאָנען שניידעריי. ער האָט געוואָלט, שטאַרק געוואָלט איך זאָל בלייבען שניידער. מע זאָל אַלע שניידער־ יונגליך לערנען אויף צו להכעיס, אַזוי ווי מען האָט מיר געלערנט, וואָלט ניט געווען אַזוי פיעל קאַליקעס ביי אונז. ביז צום יאָהר האָב איך שוין גענומען פון שטיק.

און ביז צום יאָהר האָט זיך פון טאַטענס קלייט אַזוי אויסגעלאָזט, אַז ס'האָט איהם שוין גיט געדאַרפט זיין קיין בושה, וואס איך בין אַ שנידער־יונגיל; דער קלייט האָט געפעהלט „קאָפּ מיט הענד מיט אַ געטרייער דיענסט", ס'האָט געפעהלט אַ מיאוסה בעל הבית'טע ביים קעסטיל.

איך האָב פאַר וועהטאַג ניט געקאָנט בלייבען אויפ'ן אָרט. איך בין אַוועק גע־ פאָהרען זוכען מיר אַ ניי פלאַץ. און ביז צום זשערעב האָב איך מיין פאָטער ניט געזעהען.

און געפאָהרען בין איך ס'ערשטע קיין וואַזניצע — אַ קליין שטעדטיל ביים דניעסטר. ערשט דאָרט הייבט זיך מיר אָן די ערשטע נאָהט."

בערקע האָט זיך אויפגעהויבען און אויסגעגלייכט די פלייצעס.

הירשעל איז אויפגעשטאַנען און אָבגעטרייסעלט זיך; זיי האָבען זיך געביטען מיט די ערטער און צוריק געזעצט. פֿון ווייטען האָט זיך געהערט אַ מאַריקען פֿון אַ פֿערבלאָנדזעטער קוה אין וועלדיל. ניט הייט ביים וועג האָט אַ בַעל עֲגָלָה געצויגען וואַסער פֿון ברונען, די פֿערד אנצוטרינקען, און דאָס סקריפּען פֿון דער קאַראַמיסלע האָט געגרילצט אין די אויערען. ערגיץ פֿון דאָרף האָט אַ הונד דערהערט און גענומען זיך בילען אויף וואָס די וועלט שטעהט. די בעל-עגלה'שע פֿערד האָבען גע־נאָסען און געשנאַרכעט אָהן דֶרֶך אֶרֶץ. דאָך האָט עס ניט איבערגעשלאָגען די וואַלד־פֿייגעל אויף צו זינגען זייערע מעלאָדיען.

ביידע שניידער־יונגען זענען געלעגען אָקעגען דער שוואַכער שיין פֿון דער יונגער לבנה, און האָבען זיך ניט ווילענדיג איינגעהערט.

בערקע האָט אַ הוסט געטהון, אומיטנע אַ פּנים, איינצוגעהמען די פֿייגעל, פֿון וועלכע ניט ער, ניט הירשעל האָבען געקאַנט אָבֿרייסען די אויערען. ער האָט ניט געוואָלט גלאַט רעדען פֿאַר די ביימער, ער האָט געוואָלט, הירשעל זאָל איהם הערען מיט האַרץ.

די פֿייגעל, וואָס האָבען ניט מורא פֿאַר'ן סקריפּען פֿון דער קאַראַמיסלע, פֿאַר'ן הירזשען פֿון פֿערד און אפילו פֿאַר אַ בילענדיגען הונד האָבען פֿאַר אַ הוסט פֿון אַ מענשען זיך פֿאַרט דערשראָקען. זיי זענען אַנטשוויגען געוואָרען, און בערקע האָט זיך אומגעקעהרט צו זיין ערצעהלונג:

אין וואָזניצע האָב איך איינגעטליך גאָר ניט שלעכט געמאַכט; איך האָב זיך געשטעלט ביי איינעם קאָפּיל נאַדעלמאַן — אַ גרויסער אָנגענומענער שניידער. און דאָס זאָלסטו וויסען פֿון מיר בערקע'ן דיינעם אַ גוטען ברודער אַ כלל אויף תמיד: וואָס אָנגענומענער און גרעסער דער שניידער איז, איז ער אַלײן אַ גרעסערער פּאַר־טאַטש — אַ קאַליקע; ער אַרבעט וועניגער, און אז מע אַרבייט ניט, קאָן מען ניט. האָסטו דיר "אהד מי יודע"; דאָס אַנדערע וועל איך דיר געבען אַ כלל: וואָס מעהר קאַליקע דער בעל-הבית איז, אַלײן בעסער איז פֿאַר'ן אַרבייטס מענש: פּשוט דו אַרבייטסט זיך אויס, רייבסט זיך אויס; אַלסדינג מוזטו אַליין פֿערשטעהען, פּיהלסט ניט איבער דיר אַ קאָפּ, וואָס זאָל טראַכטען פֿאַר דיר. און הוין דעס איז פּשוט: דער בעל-הבית האָט אין דיר אַ גרעסערע נויט, אַ קיצור — מיר איז גאָר ניט שלעכט גע־ווען ביי קאָפּלען.

האָט קאָפּיל אַ מיידיל פֿון אַ יאָהר אַכטצעהן... וואָס זאָל איך זיך נעהמען זי אויסמאָלען? איינגליך?... אַ שטערענדיל?... וויס איך! נאַרישקייטען! ווייסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגען יחד כלם — קדושה!... האַפּט זיי אַלע דער שוואַרצער יאָהר! זענען אַלע ניט מיאוס. און מיך, ווי דו זעהסט מיך, גאָט האָט מיך בעשטראָפֿט, נאָר אויגען מיט האַרץ — האָט ער מיר געגעבען, ווי אַנדערע מענשען, און אפשר נאָך מעהר ווי אַנדערע: איך בין אַ מבין אויף שען.

נאָך דריי יאָהר אַרבייט, האָב איך געהאַט צונויפגעקליבען אַ שטיקיל קאָפּי־טאַל, אויסגעקליידעט בין איך געווען, איך האָב געוואָלט אָנטהון אַ טלית... אָנגעהויבען וואַרפֿען אויגען אויף שפרה'ן, קאָפּילס מיידיל — הייסט עס, און וואָס מעהר

איך קוק זיך צו, אלין שענער ווערט זי ביי מיר אין די אויגען. איך וואַרף אויף איהר אייגען, מיר דאַכט זיך, זי ענפערט מיר... זי קוקט מיר נאָך... זי האָט מיך אין זינען מיט עסען צו דער צייט, פרעסט מיר דאָס גרעט; איך נעם זיך אָן מיט הארץ, כ'ל איהר זאָגען: וואוהין קעהר אלין שטום-לשון? עס דאַרף דאָך זיין א סוף.

נאר ביי יעדען מאָל, אז איך בין פאַרטיג געווען, פלעגט זיך מיר גלוסטען א קוק טהון אין שפיגעל... דערזעהענדיג מיין אונגעלימפּערטע צורה, פלעג איך פערלירען דעם גאַנצען מוטה. געשיקט זיך? — געשיקט זיך, פלעג איך טראַכטען, וועט זי בעשטעהען? אזא פארשוין, אזא אוצר וועט מיך... מיך נעהמען? ניין, עס ווייזט זיך מיר אַ פנים נור אויס. זי האָט מיך אפילו ניט אין זינען? זי וועט מיר א שפּי טהון אין פנים אַריין. „אבער לא!" וועט זי זאָגען, „דיך נאָר?"

און „לא" האָב איך ניט געוואָלט הערען. „לא" — איז מיר ערגער געווען, ווי אלסדינג. לא הייסט דאָך גליך, זי זאָגט מיר: דו הויקער, דו גראָבע ליפּ, דו פּערריסענע נאָז, די מיאוסער יונגאַטש!

ניין, איידער צו הערען „לא", איז גלייכער גאָר ניט אָנצוהויבען. אזוי איז אוועק געגאַנגען א טאָג אום א טאָג. ביי נאַכט פלעג איך ליגען אויפ'ן געלעגער און טענה'ן מיט מיר: זי זאָל זיין קאַלטבלוטיג צו דיר, וואָס זשע האָט זי דיך מעהר אין זינען פון אַלע שניידער־יונגען? פאַרוואָס זשע זאָגט זי מיר אַ דעה — די שפּאַנקעס געפעלען איהר ניט! פון וואַנען ווייסט זי, אז מיין אייבער־ראָק איז פערשמאַלט? וואָס אַרט זי, אז די אָבצאַסען פון די שטיבלעטען קרומען זיך? וואָס דאַרף זי עס מיך דערמאַנען, וואו דאָס בערשטיל ליגט? און וואָס געהט זי תמיד פאַרנאַכט אַרויס און קוקט הויכ'ן פענסטער און וואַרט? אין עס פלעגט ביי מיר בלייבען, אז מאָרגען פריה... ביי טאָג... פאַר נאַכט... וועל איך אָבהיטען טרעפען זי אליין, און אָבזינגען איהר דאָס ליעדיל.

נאר ביי יעדען מאָל — גלייך עמיצער האָפּט מיך אָן ביים אקסיל, און שושקעט מיר אין אויער: „זיט'ק, דו שטומפּיגע נאָדעל, וועסט ליידען אַ בזיון!"

און אַ בזיון האָב איך ניט געוואָלט ליידען. בשעת ס'קומט מיר אויפ'ן געדאַנק, אז אַ מיידיל קוקט אויף מיר מיט די אויגען, וואָס איך קוק אויף מיר... פּראָסט גערעדט, אז איך געפעל ניט, ווייל איך בין א מיאוסע בריאה — וואָלט איך די זעלבע שפרה מיט צוואַנציג... מיט הונדערט — שפרה'ת... מיט אַלע מיידליך... אלע די שטיליטשקע יאשטשע־צעס — מיט איין קויל געשאָסען! מיט'ן פּוס צוטרעטען!... נאָר ניט געבויר'ען געוואָרען נאָך דער, וואָס זאָל זיך קויפען אזא גרויסע מצוה און עס טהון. וואָלט אויסגעלעזט די וועלט פון א לעבענדיג גיהנם.

און דאָס טראַכט איך תמיד. איך וויל דיר ניט לייקענען: איך טראָג אַ שנאה אין האַרצען צו אַלע שענע מענשען... אין „דיר" האָב איך אויך פיינד דיין מיידליש פנים... נאָר איך האָב ליעב בעקומען דיין יתומקייט... דיין זיין אַליין... דיין שווייגען... דיין שטומען אונגליק, אויף וועלכען איך שטוים מיך נור אָן...

און דאָס טראַכט איך תמיד; און דאָס האָב איך דעמאָלס אויך געטראַכט: „צו דער מוטער רחל וואָלט איהר געהען — אלע שפרה'ת!" נאָר... דאָך... שפרה איז

מיר פֿאַרט פֿון קאָפּ ניט אַרויסגעקראָכען. כ'האָב אויפֿגעהערט עסען, כ'האָב אויפֿגעהערט שלאָפֿען... פֿלעגט זיין: כ'ליג מיך... ס'האָט זיך געוויזען, איך שלאָף; נאָר איך האָב זיך פֿאַרטראַכט דערווייל, וואָס וואָלט זיין אַ שטייגער מאָרגען: איך געה גלייך צו, און זאָג איהר... און זי קוקט אַראָב... און ענטפֿערט: „איך האָב עס דיר שוין לאַנג געוואָלט זאָגען"... און מיר האַפּען זיך אַרום... מיר זאָגען זיך „מזל־טוב"... חתן כלה... מתנות... אַ חתונה... אַ חופּה... אַ לעבען... קינדערליך... איך מיט שפּרה'ן... און איך טראַכט און טראַכט... און איך טהו אַ קוק אין פֿענסטער— ס'איז שוין טאָג...

אַמאָל פֿלעג איך, וואַלגערענדיג זיך אויפֿ'ן געלעגער, אַ זיפֿץ, אַ קרעכץ טהון... און באַלד פֿלעג איך הערען פֿון יענעם צימער, וואו זי איז געשלאָפֿען צי ניט געשלאָפֿען, אַ דינעם מיידלישען אויסגעצויגענעם זיפֿץ, גלייך זי נעמט איהם ערגיץ אויף, און וויפֿיעל מאָל אין דער נאַכט איך פֿלעג שוין אומישנע איבערהור'ן, אַזוי פֿיעל מאָל פֿלעג איך בעקומען ענטפֿער.

און דעמאָלט פֿלעג איך ווערען „מלאַנגדיש" אויף איהר: זעהסט דאָך אַז איך קאָן ניט, מסתּם האָב איך דאָך מיין טעם דערביי. וואָס זשע שווייגסטו? וואָס הייבסטו ניט אָן?

אַזוי לאַנג האָט זיך געצויגען די זאַך, ביז מ'האָט איהר אָנגעהויבען רעדען שדוכים. ס'איז געקומען אַ חתן, אַ יאָלד — זי אָנקוקען, זי איז איהם געפֿעלען, בלינד זאָל ער ווערען! אויף גוטס איז איטליכער אַ מבין. נאָר זי האָט געזאָגט דער מוטער — זי וויל איהם ניט, ער איז אַוועק געפֿאָהרען מיט אַ בזיון.

דער יאָלד האָט ניט געקאָנט — ניט געפֿעלען: געווען אָנגעשטאָפּט מיט געלד, ווי אַ גוטער יוד מיט מצוות; אַליין — אַ געפּוצטער, אַ געשטרעקטער, אַ שטיק מיוחס עפּיס דערצו. און ניט קיין שניידער. און דאָס האָט דאָך ביי אַ שניי־דערישער טאָכטער עפּיס אַ ווערט. אַז זי האָט איהם ניט געוואָלט, ווענען זשע דען קאָן זי וועלען?... דאָס האָט מיר געגעבען אַביסל מוטה. אין דרויסען ביי'ן טויער איז זי געשטאַנען אַליין, איך האָב געמאַכט אַ קורצען ישמועס, און זי גלייך אַ פֿרעג געטהון, וואָס פֿאַר אַ חסרון זי האָט געפֿונען אין חתן?

זי איז רויט געוואָרען... אַראָבגעלאָזט די אויגען און ענטפֿערט גלייך:

„ער געפֿעלט מיר ניט. ער איז אַ מיאוסער!"

זי האָט מיר ווי מיט אַ האַק דערלאַנגט אין קאָפּ אַריין. ס'איז געווען אַ טראַסק איבער'ן „פּרצוף": „שטיפּ דיך ניט, הייסט עס, מיט דיין נאָז, וואוהין מ'רופֿט דיך ניט!" אָט פֿאַרוואָס איך האָב תּמיד מורא געהאַט.

איך האָב זיך אָנגעהויבען עסען, וואָס האָט עס מיר געטויגט? האָב איך דען פֿריהער ניט געקאָנט וויסען דעם סוף? קאָרג שפּיגלען פֿאַרהאַן פֿאַר מיר? וואָס האָב איך געמיינט? זי איז בלינד — איז זי? קאָן איך דען אַ מיידיל געפֿאַלען? איך האָב זיך גראָד דערמאָנט אָן מיין מוטער. און האָב זי אויפֿס ניי בעוויינט; דערמאָנענדיג זיך אָן איהר לעבען און אָן איהר שטאַרבען, האָב איך מיר אָבגעפֿאַסט. מע דאַרף

ניט חתונה האבען, איך דארף זיי ניט די פארצילייענע טאקען. מע דארף זיי אלע פיינד בעקומען, און איך האב זיי פיינד בעקומען.

נאר צו בלייבען נאך אין וואזניצע — בין איך צו שטאלין געווען. אויפ'ן צווייטען טאג האב איך זיך אבגערעכענט. ניט געוואלט אויסהערען אפילו די גוטע ריידעליך פון מיין בעל-הבית — ער האט מיר געוואלט העכערען געהאלט — איך האב זיך גע־פאסט אוועקצופאהרען.

צום אוועקפאהרען איז קיינער ניט ארויסגעגאנגען געזעגנען זיך מיט מיר. מען איז געזעסען אויפגערייצט. אייך שפרה גור איז ארויסגעקומען... „פאהר געזונד און זיי מצליח", האט זי מיר נאכגעשעפטשעט. און אויב מיינע אויגען האבען אויס מיר ניט חוזק געמאכט, האט איהר די אונטערשטע ליפ געציטערט... און אין מיין קעסטעל האב איך געפינען דערנאך א פערפומט פאטשיילעכיל...

געה שאין אב, דערגרונטעווע א מיידליש הארץ! קאנסט אומשטיינס געזאגט, וויסען ביי זיי, צי האט עס פיינד, צי האט עס ליעב.

בעקע האט זיך אויפגעהויבען פון ארט, פערדרייבערט א ציגאר און אנגעשפארט זיך אויפ'ן שטעקען:

„מיינסטו אפשר, אז כ'האב זיך באלד פערגעסען אן די בושה שפרה'ן האב איך ניט נעקאנט פערגעסען אזוי גיך, ביז מ'ר האט זיך געווארפען אין די אויגען א־ין אנדערע; און דער ניט גוטער האט מיר אלין איינגערעדט: וואס איז? אז דו ביסט ניט קיין פאר־טיין ביסט דאך א מאנסביל — דערויף! דערפאר אבער האסטו אנדערע מעלות: ניט קיין שכור, ניט קיין זשוליק, א גוטער בעל-מלאכה. ביי דיר וועט זיין א ווייב גוט. זי וועט האבען דאס מערכה. און זי וואלט באמת נעהאט ביי מיר דאס מערכה. זאל זי אפילו זיין א מיאוסע, א שלים-מזל. ווייל באמת, אז א מיידיל גע־פעלט מיר, געפעלט זי מיר ניט, ווייל זי איז — „זי", ניט איין „אנדערע". זי וואלט מיר געפעלען סיי־ווי און ווער זי זאל ניט זיין... מיר געפעלט... ווי זאל איך דיר דאס זאגען? מיר געפעלט צו זיין א מאן פון א ווייב מיט קינדער! איך זאל ארבייטען, און זי זאל א שטוב פיהרען... און אזוי האט מיך אלין דער יצר געצ'רט, און איך האב אנגעמיהט...

„נו?" פרעגט הירשעל פעראינטערעסירט.

נו? זי האט מיר גאר ניט געענפערט... שטארק צולאכט זיך, אזוי ווי זיי קאנען לאכען... דערנאך האט זי מיט א שניידער יונגיל מיר ארויסגעשיקט א קליין שפיגעלע...

איך האב דעמאלס ווייטער געשווארען שנאה צו די פארצילייענע פנימ'ער, נאר כ'האב ווייטער פערגעסען. די דריטע האט מיר קיין שפיגעלע ניט געשיקט, נאר זי האט דער־צעהלט דעם פאטער און ער האט מיך אבגערעכענט.

און יענס מאל שטעכט מיך מעהר — ווי אלע מאל: אפילו דאס איינע פער־נעניגען — אבצוזאגען זיך — דער ערשטער — האט מען אויך ביי מיר צוגענומען. נעהאפט און אבגערעכענט. פוסטע גדלנים!

די לעצטע איז געווען א מויד — א מיאוסע, א יתומה, אָהן א מאַמען, ביי א טאַטען, אַ שניידער, אַ קבצן. מיט איהר בין איך געווען שוין ווי פאַרטיג, שוין געווען תנאים, אָבגערעדט זמן־החתונה. קיין נדן האָב איך ביי איהר ניט גענראַפט נעהמען — איז קיין שום עכוב ניט געווען. איך האב זיך שוין גערעכענט אַ צופריע־דענער. מיר איז שוין נמאס געוואָרען דאס לעבען — אַליין, בהיר'ן זיך ביז'ן גרויען צאָפּ אַריין, טראָגען אַ שנאה אויף דער גאַנצער וועלט.

גלוסט זיך מיר, שוין פאַר דער התונה, ליגענדיג אויף מיין קאַנאַפּקעלע, צו מאַכען זיך שלאָפענדיג... געטהון א פאר חראָפּ דערביי. זי איז געזעסען אין אַנדערן צומער אָקענען טהיר מיט איהר'ער אַ חבר'טע — אַ פּלוידעראַק, אַ פּליאַטקע־מאַכערין, זיי האָבען געמיינט, איך שלאָף.

„הערסטו, רחל, זאָגט די חבר'טע: די גאַנצע וועלט פערהדויש'ט זיך אויף דיר, וואס האָסטו געטהון? ! ווי אַזוי וועסטו לעבען מיט איהם? ער איז דאָך, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רייד, גרייליך צום אָנקוקען!"

„מיינע" טהוט אַ זיפץ: „ווייס איך? ! וואָס אמת, איז ניט ליגען; נאָר ער איז דאָך אַ גאָלדשפּינער... ביי איהם וועט אַ ווייב ניט זיין הונגעריג".

איך האב זיך דערמאַנט אָן מיין מאַמען, און האב זיך פאַרגעשטעלט, ווען זי זאָל לעבען, און מע זאָל זי נאָך אַמאָל שרכנען צום טאַטען, וואָלט ער אַודאי אויך אַ זיפץ געטהון, געענטפערט: „וואָס אמת איז ניט ליגען, נאָר מיט איהר קאָן מען עסען אָנבייסען במנוחה... זי קאָסט וועלוולער פון דער וועלוועלסטער דיענסט... און געטריי, ווי טויזענד רוחות!"

קאָנסט זיך שוין אָנשטויסען, אַז אויפ'ן צווייטען טאָג בין איך אויסגעטריקענט געוואָרען. ניין, איצט בין איך שוין קלוגער: איך שפּיי אויף זיי אַלע! איך ווייס, איך קאָן זיי ניט נעפעלען. דערפאַר אָבער האָט איהר מיך ניט געקאָנט איבערפיהרען, פערנאַרען... און „פערנאַרען" — איז געווען אַ סך פון זיי. וואָס האָבען געפּרופט! אַ סך האָבען זיך אויסגערעכענט, וויפיעל זייפליך מיט פודעליך פודער זיי קאָנען קויפען אויף מיין געלד... אָבער „לא" מיט אַ גרויסען אַלף! אליין, אַליין וועל איך בלייבען! איינער פאַר זיך!

און אליין איז אזוי שווער! ניט שווער, נאָר עלענדיג, ס'ליגט אַזאַ קליפּה, אַ פּנים, אין מענשען, צו־נ־אַלדע שוואַרצע יאָהר זאָל'ס געהען! ממש, להבדיל, ווי אַ בהמה! ס'ציהט איהם צו דער טשע־עדע — אין איינעם מיט אלע קלפּיניקעס — בהמות. אַט האָב איך האָטש דיך אָבגעזהבט, דיר אָנגעפּלוידערט אַ קאָפּ, קאָן זיין, דו טראַכסט אויך: „אַ גרויסען חסד טהו איך מיט דעם פערועהעניש, אַז איך הער איהם אויס." ניין! ס'קאָן ניט זיין! דו ביסט ניט — „ויי"! דו ביסט אויך איין עלענדער! ווייזט אויס, קאָנסט זיך אויך מיט זיי ניט צונויפלעבען.

האָטש איך ווייס נאָך ניט פון דיין היסטאָריע, נאָר קיין צופריעדענער ווייזט דו מיר ניט אויס צו זיין; געטראָפען?

„יאָ, געטראָפען!" ענטפערט יענער.

„נו איז גוט, שטעלט זיך בערקע פֿרעהליך אויף די פֿיס. ווען ניט, זאָג איך דיר דעם אמת, וואָלט איך דיין היסטאריע גאר ניט געוואָלט הערען, כ'האב פֿיינד פֿרעה־ליכע מעשיות. אָט, וואס מיר איז איינגעפֿאַלען, הירשעל! גיב מיר דיין „יד"! לאָמיר ביידע צונויף לעגען אונזער עלענדקייט. וועט זי א ביסיל היימליכער ווערען. האַפּט עס דער רוח! וואס איז, נור א זכר מיט א נקבה קאָנען זיך נוט פֿערהאַלטען? לאָמיר לעבען צוזאַמען! עס וועט, כ'לעבען, פֿרעהליכער זיין... איינער וועט זאָרגען פֿאַר'ן אַנדערן... נו?"

הירשעל האָט זיך צולאַכט, אויסגעשטרעקט די האַנד דעם חבר: „ביסט גע־רעכט. איינער איז קיינער!"

דאָס פּאָריל האט זיך פֿרעהליך איבערגעקוקט, ס'האט נור געפֿעהלט, מע זאָל זיך אַרומנעהמען און צוקושען זיך.

ס'איז שוין געווען שפּעט, צייט געווען אַהיים צו געהען. אויף מאָרגען, איז אָב־געלעגט געוואָרען, זאָל הירשעל זיין היסטאריע דערצעהלען.

(פֿארטזעטצונג קומט).

יהודה שטיינבערג.

# די צווייטע רות.

(ביאגראפיע).

די געשיכטע פון דער ערשטער רות איז אַלט און גענוג בעקאנט. אין דער צייט פון די שופטים, ווען יודען זענען געזעסען אין זייער לאַנד און קיין קעניג האָבען זיי נאָך ניט געהאַט, איז אין ארץ־ישראל געווען אַ הונגער. איינער פון בית־לחם, אלימלך האָט ער געהייסען, איז אַוועק מיט זיין פרוי נעמי און זיינע צווי זיהן אין מואב, איבערוואַרטען דאָרט די הונגער־צייט. באַלד איז אלימלך געשטאָרבען, די צוויי זיהן האָבען חתונה געהאַט מיט היידנישע פרויען. אין 10 יאָהר אַרום זענען זיי אויך געשטאָרבען, דערווייל האָט דער הונגער אין ארץ־ישראל אויפגעהערט. נעמי איז צוריק געגאַנגען אַהיים. איין געוועזענע שנור האָט ניט געוואָלט מיטגעהען; די אַנדערע אָבער, רות, איז מיטגעגאַנגען, זיך מגייר געווען, געוואָרען אַ יודין, נאָכדעם חתונה געהאַט מיט בועז, איהר מאַנס אַ וויטען קרוב. און פון זיי איז אין עטליכע דורות שפּעטער אַרויסגעקומען דוד המלך.

פון דער צווייטער רות, וועלכע מיר ווילען דאָ בעשרייבען, וועט קיין דוד המלך געוויס ניט אַרויסקומען, און דאָך איז זי ווערט, פערשריבען צו ווערען אין אונזער געשיכטע. די ערשטע רות איז אריבערגעגאַנגען צו יודען, ווען די יודען זענען נאָך געזעסען רוהיג אין זייער לאַנד, געהאַט אַ אייגען היים, אייגענע פעלדער און ווייגערטנער; די שכנים האָבען פאַר זיי געהאַט דרך־ארץ און ניט געהאַט די העזה זיי צו בעשמוצען, זיי צו מאַכען מיט דער בלאָטע גלייך. די צווייטע רות אָבער איז געוואָרען אַ יודין, ווען דאָס יודענטהום ווערט געהאַסט און געשענדעט; די יודען זענען געדריקט און פערמאוס'ט, יעדער בעליידיגט זיי, זידעלט, טרייבט אין שלאָגט. אין אַזאַ צייט זיך מגייר זיין, איצט אַריבערגעהן צו יודען, איז געוויס אַ גבורה. דערצו נאָך איז די צווייטע רות אַ הויך־געבילדעטע פרוי, וועלכע האָט זיך קונה שם געווען, ווען זי איז נאָך געווען אַ קריסטין; זי האָט אָנגענומען די יודישע אמונה ווייסענדיג זעהר גוט, אַז דורך דעם קויפט זי זיך מאַסען דם־שונאים. דערום פערדינט זי נאָך מעהר, מיר זאָלען ערצעהלען איהר ביאָגראַפיע און בעקאנט מאַכען אונזער פובליקום, ווער זי איז, פון וואַנען שטאַמט זי און ווי קומט זי צו ווערען אַ יודין.

אונזער נייע רות איז די איצטיגע פרוי פראָפעסאָר רות לאַצאַרוס, וועלכע האָט פריהער, אַלס קריסטין, געהייסען נאַהידא רעמי. איהר לעבען האָט זי זעלבסט בעשריבען אין אַ בעזונדער ווערק „איך זוכטע דיך“. זי דערצעהלט דאָרט אַלין וואָס מיט איהר האָט פאסירט פון קינדוויז אָן, ביז זי האָט התונה געהאַט פאַר דעם פראָפעסאָר לאַצאַרוס און צוגלייך אָנגענומען די יודישע אמונה. מיר וועלען אַרויסנעהמען פון איהר ערצעהלונג דאָס וויכטיגסטע און איבערגעבען אונזערע לעזער.

---

א.

נאַהידא רות לאַצאַרוס איז געבאָרען אין פעברואַר 1849, אין אַ קליינען פריי־סישען שטעדטיל, וואו עס האָבען געוואָהנט פּאָליאַקען און דייטשען. פון איהר מוטער, אַ געבילדעטע און פעהיגע פרוי, האָט זי נע'ירשה'ט פעהיגקייט צו קונסט, אַ פּאָעטישע פאַנטאַזיע און אַ ליטעראַרישען טאַלענט.

בעזונדערס האָט זעהר געווירקט אויף איהר דאָס לעבען קינדוויז אין הויז פון אַ ענגלישער גרעפין גערמען.

נאַהידאַ'ס מוטער איז געווען אַ קראַנקע פרוי און האָט געמוזט פאָהרען אין די וואַרימע לענדער, זיך קורירען. איבער איהר אָרימקייט האָט זי ניט געקענט דאָס קינד מיטנעהמען, און געמוזט זי איבערלאָזען ביי איהר רייכער קרובה, וואָס האָט געוואָהנט אין איטאַליען.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע אונגליק אין נאַהידאַס לעבען. איהר צושיידען זיך פון דער הייסגעליבטער מוטער האָט געמאַכט אַ טיפען און שמערצליבען איינדרוק אויף איהר יונגע זעעלע.

די גרעפין איז געוועזען אַ'נ'אַלטע אַלמנה, אָהן קינדער. זי האָט געשמ'ט פאַר אַ גרויסע בעל־צדקה, אָבער איהר אויפפיהרונג מיט דעם יונגען קינד איז געווען כמעט ווי משוגע. נאַהידא בעשרייבט מיט די ווערטער איהר לעבען אין הויז פון דער גרעפין:

„די גרעפין האָט ליעב געהאַט דאָס קינד אויף איהר בעזונדער שטייגער, דערווייל אָבער האָט דאָס קינד געלעבט אין „איידעלע צרות“. עס איז שווער אויסצומאַלען, מיט וועלכען נייַן פון וואונדערליכע, ביטערע איינדריקע איז געווען פערפלאָנטערט דעם קינדס געמיט. די גרעפין האָט געוואוסט, אַז דאָס קינד בענקט אין דער שטיל נאָך דער מוטער; אָבער דאָס שטילע, בעהאַלטענע אומעדיגקייט פון קינד האָט צירייצט די אַלטע. נאַהידאַ'ן איז געווען ערלויבט ליעב האָבען די מוטער, אָבער ניט בענקען.

דאָס קינד האָט געמוזט לאַכען, טאַנצען און זינגען, פריהליך מאַכען די גאַנצע וועלט און צע'שטרייען די אַלטע. אַז דאָס האָט געוואָלט די גרעפין, מיינענדיג, אַז דאָס מיידיל וועט ווערען צו איהר מעהר צוגעלאָזט, מעהר איבערגעגעבען, זי האָט געהאָפט, אַז נאַהידא, וועלכער זי טהוט אַזוי פיעל טובות, וועט שטעהן פאַר איהר אויף די קניה, קושען איהרע הענד, גלעטען איהרע טרוקענע באַקען, רעדען זיסע ריידעליך

און חנפה'נען זי; אָבער דאָס קינד האָט ניט געלאַכט און ניט געחנפה'ט, נאָר שטיל און אומעדיג געשטאַנען אין שאָטען".

דער אַלטער, פערזויערטער פ־ר־ז, וואָס האָט קיינמאָל קיין קינדער ניט געהאַט, איז גאָר ניט אַרויף אויף די געדאַנקען, אַז ווער עס פערלאַנגט צוטרויען פון אַ קינד, מוז פריהער פערדינען דעם קינד'ס ליעבשאַפט...



נאהידא רות לאצארוס.

די קנאה, וואָס די גרעפין האָט געהאַט אויף נאהידא'ן פאַר איהר שטאַרקע ליעבע צו דער מוטער האָט דעם מיידיל שטאַרק געקרענקט און ביסליכווייז פערלאָשען אין איהר דעם רעשט ביסיל אָבשיי פאַר דער גרעפין.

ביי אַלע וואולטאַגען, וואָס דאָס קינד האָט געהאַט אין פאלאַץ פון דער גרעפין, האָט זי זיך געפיהלט עלענד, פרעמד און אונגליקליך. קיין איינציגער מענש איז ניט געווען, פאַר וועמען אויסצורעדען דאָס האַרץ. זי האָט געמוזט דריקען אין זיך איהרע געדאַנקען, און דורך דעם איז אין איהר שטאַרק געוואָרען די פאַנטאַזיע, די אַרבייט פון מוח.

איין איינציגער טרייסט האָט זי געפונען: זי איז בעקאַנט און בעפריינדעט געוואָרען מיט דעם הויזמיידיל — די יודין אַמאַליע.

דאָס איז געווען נאָהידאַ'ס ערשטע בעקאַנטשאַפֿט מיט דער „יודישער" וועלט. אין פּאַלאַץ האָט מען געקוקט זעהר קרום אויף איהר חברשאַפֿט צו דעם הויזמיידיל, וואָס איז נאָך דערצו אַ יודין. אָבער דאָס עלענדע קינד האָט ניט אויפֿגעהערט זיך חבר'ן מיט דער עלענדער פֿרוי, און אין איהר גייסט איז געפֿאַלען דאָס ערשטע קערנדיל פֿון אינטערעסירען זיך מיט „יודישקייט".

דערווייל איז דאָס קינד אונטערגעוואַקסען און די גרעפֿין האָט זיך גענומען ערנסט צו איהר ערציהונג. בעזונדערס האָט זי געזעהן, נאָהידאַ זאָל זיין רעליגיעז, פֿרום, ווייל די גרעפֿין איז אַליין געווען זעהר פֿרום, אַרומגערינגעלט שטענדיג מיט גלחים.

נאָהידאַ האָט געמוזט דאַווענען מיט גרויס פֿלייס, ניט ווען זי האָט געוואָלט, נאָר ווען די פֿרומע גרעפֿין האָט געפֿאָדערט; דאָס גאָט־בעטען איז געווען אויף פֿער־שיעדענע שפּראַכען, און דערפֿאַר האָט די תפלה ניט געקענט מאַכען אויף איהר אַ רושם. דאָס איז געווען ווי אַ לעקציע פֿון שפּראַכען.

צו צעהן יאָהר האָט נאָהידאַ זיך פֿעראינטערעסירט מיט דער גרעפֿינ'ס ביבליאָטהעק. דאָס יונגע מיידיל האָט געפֿונען פֿיעל מאַטעריאַל צום לעזען, אַ סך ראָמאַנען, היסטאָרישע ערצעהלונגען, אַלערליי אַלטע געשיכטען. איינמאָל האָט זי אויך געפֿונען אין ביבליאָטהעק דעם תנ"ך, זי האָט אָנגעהויבען לעזען און איז צוגעבונדען געוואָרען צום היילינגען ספר. יעדעס מאָל, ווען זי איז געבליבען אַליין (און דאָס האָט געטראָפֿען זעהר אָפֿט, ווייל זי האָט ניט געהאַט קיין חברתות און קיין שפּילעכליך), איז זי פֿער־קראָכען אין אַ ווינקעלע, גענומען דעם תנ"ך, געלעזען און געפֿונען טרייסט אין די שענע קאַפּיטליך תהלים.

אמת, דאָס מיידיל האָט ניט פֿערשטאַנען אַלע געדאַנקען און אפילו ניט אַלע ווערטער, דאָך ווי אַ דאָרשטיגע האָט זי געשלונגען און זיך געקוויקט מיט די אַלע ערטער, וואו עס ווערט גערעדט וועגען גאָט, וואָס איז אומעטום, וועגען זיין באַרעמ־הערציגקייט און גערעכטיגקייט. דער תנ"ך האָט אויפֿגעוועקט איהר גאַנצע אויפֿמערק־זאַמקייט. מיט וואָס? נאָהידאַ רעמי ענטפֿערט אויף דעם:

„ניט די העלקייט פֿון די מעשיות וואָס צינדען און צופֿלאַקערן די פֿאַנטאַזיע פֿון קינד און שטרענגען אָן זיין מוח, ניט דאָס האָט געווירקט אויף מיר. אַ ניין! איך האָב געפֿונען אין תנ"ך מעהר מוטער־געפֿיהל. די ריהרענדע געשטאַלטען פֿון הגר, שרה, רבקה, רחל און לאה, וועלכע פֿרעהט זיך און איז שטאָלץ מיט דעם, וואָס זי האָט איהר מאַן געבוירען זעקס זיהן, די מוטיגע יוכבד, די ענוות'דיגע, גאָטספֿורכטיגע חנה, וואָס גיט־אָב גאָט איהר איינציגען זוהן, און די אַלע אַנדערע מוטערליכע גע־שטאַלטען פֿון היילינגען ספר, האָבען מיך ענטציקט און דערפֿרעהט.

דאָס לעזען אין תנ"ך האָט געשטילט מיין בענקען נאָך דער מוטער און מיין זוכען גאָט: דער תנ"ך האָט אויפֿגעריכט מיין גייסט מאָראַליש און רעליגיעז".

בבן הורכ'ן בענקען נאָך דער מוטער און מוטערליכע ליעבשאַפֿט האָט זי ליעב בעקומען דעם תנ"ך, געפֿונען אין איהם טרייסט, געפֿונען דאָס וואָס איהר פֿעהלט אין לעבען. אָבער דערזעלבער תנ"ך איז געוואָרען פֿאַר איהר אַ קוואַל פֿון נייע בעליידי־

גונגען, נאהידא האט איצט נאך מעהר געזוכט איינזאמקייט, זיך דערווייטערט פון דער גרעפינס געזעלשאפט. דער גרעפין האט דאס געקרענקט און זי פלעגט דאס מיידיל שטרענג בעשטראפען...

---

מסתמא האט עמיצער מודיע געווען נאהידא׳ס מוטער די לאגע פון איהר קינד ביי דער גרעפין, ווייל איינמאל איז די אומגעריבט געקומען אין אלטען פאלאץ אין ליווארנא, און געפאדערט פון דער גרעפין, אבגעבען איהר די טאכטער. צווישען די צוויי פרויען איז געווארען א שטארקער קריעג; די גרעפין האט ניט געוואלט אבגעבען דאס מיידיל, די מוטער האט אבער ניט געוואלט אבטרעטען און האט געשראקען, אז זי וועט ברענגען פאליציי; די גרעפין, וואס איז געווען בעקאנט מיט גאנץ נאט־ישאלסטווא, האט זיך אויסגעלאכט פון דעם „סטראשאק". צום סוף האט די גרעפין געזאגט: זי וויל איהר האדאוואנקע נעהמען פאר א קינד און אבשרייבען איהר דאס א נצע פערמעגען.

א שווערע מלחמה האט פאר זיך געהאט די ארימע מוטער: פון איין זייט איז איהר שווער געווען זיך אבצייסען פון קינד; פון דער צווייטער זייט האט זיך איהר שטארק געוואלט, איהר קינד זאל הערען רייך און גליקליך. זי האט פערלאנגט זיך זעהען מיט דער טאכטער; מען האט זי אבער ניט צוגעלאזט. ענדליך, אויפ׳ן פערטען טאג, איז די מוטער מרוצה געווארען, אבזאגען זיך פון איהר טאכטער.

די גרעפין האט שוין בעשטימט א טאג, צונעהמען נאהידא׳ן פאר א אייגען קינד; אבער א נאכט פריהער איז דאס מיידיל אנטלאפען פון פאלאץ. ניט אנגע־טהון, אין איין העמד, א באָרוויסע, האט זי זיך ארויסגעגנבה׳ט מיט די הינטערשטע טרעפ אין אנטלאפען אין גאס. איהר אנטקעגען איז געקומען די מוטער. מאמע און קינד זענען ווידער צוזאמען. די מוטער האט זי ציגערעדט, געהן צוריק אין פאלאץ, וואו אויף איהר ווארט אזא רייכקייט; אבער די ענערגישע טאכטער האט געזאגט: ניין און ניין!

און אז די נאטאריוסען זענען געקומען צו דער גרעפין, פערשרייבען נאהידא׳ן פאר איהרע טאכטער, האט א שיף אוועקגעטראגען אויף די שטילע הוואליעס די מוטער מיט דער גליקליכער טאכטער צו די רוהיגע ברעגען פון פאלערמא.

---

ב.

נאהידא׳ס מוטער האט זי אבגעגעבען לערנען אין א קאטוילישען קלויסטער, אונטער דער השגחה פון מאנאשקעס. די אויסווענינגסטע מלחמה האט פאר נאהידא׳ן אויפגעהערט, דערפאר אבער האט זיך אנגעהויבען א שטארקע אינווענינסטע מלחמה. אין קלויסטער האט מען, ווי ס׳פערשטעהט זיך אליין, געלערנט פיעל אמונה־זאכען, און נאהידא האט אויך געלערנט, אבער דאס לערנען האט זיך ניט געקלעבט צו איהר. אלע רעליגיעזע ספרים האבען אויף איהר קיין שום איינדרוק ניט געמאכט. זי פלעגט איהרע לעהרערינס פארגעבען אזעלכע שאלות, אז זיי זענען געבליבען שטעהן און ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

ביסליכווייז האבען זיך פון איהר דערווייטערט אלע חברתה'ס און זי איז ווידער געבליבען אַליין אין דער פריהעליבער קאָמפּאניע פון די יונגע מיידליך.

באַלד איז זי ארויס פון קלויסטער און אַריבערגעפאָהרען אין נעאפּאַל. די מוטער האט געוואָלט זי פאַרברייטען צו דער קאָנפירמאציע (בר־מצוה) און זי אָבּגעגעבען לערנען די קריסטליכע אמונה ביי א עוואַנגעלישען גלח. אָבער דער נייער רבי האט אויך זעהר ווענינ געווירקט אויפ'ן דאס מיידיל. אמת, זי האט פלייסיג אויסגעלערנט אויסווענינ די לעקציעס, אָבער — ניט געוואָלט מודה זיין אויף די „אני מאַמין'ס" פון קריסטענטהום.

לסוף איז נאַהידא ארויסגעפאָהרען מיט דער מוטער אַהיים אין דייטשלאנד, אין איהר געבורטס־שטעדטיל. איהרע קרובים, וואס האבען בשום־אופן ניט געוואָלט מסכים זיין, זי זאל בלייבען „אָהן אמונה", האבען זי איבערגעגעבען דעם אַלטען פאסטאָר טאָבאַלד, וועלכער האט זיך מיט אלע כחות בעמיהט, מאכען זי רעליגיעז, ניט מיט בעס, נאָר מיט גוטען, שפּאַצירענדיג. אָבער נאהידא האט איהם שטענדיג געקלעפּט מיט איהרע קלאָץ־קשיות, אויף וועלכע ער האט אומזיסט געזוכט א תירוץ. זעהר אָפט פלעגט דאס געשפּרעך צווישען איהר מיט'ן דאקטאר טאָבאַלד ווערען א הייסער ויכוח, און וועלכען קיינער פוןביידע צדדים האט ניט געוואָלט נאָכגעבען. סוף כל סוף האט דער לעהרער מודיע געווען, אז ער קען ניט צולאָזען דאס מיידיל צו קאָנפירמאציע. די גאנצע משפחה איז געוואָרען שרעקליך בייז; א פרומע מוהמע האט דאס ניט געקענט אריבערטראָגען און איז געשטאָרבען פון גרויס האַרץ־וועהטאג; דאס האט געקאָסט דעם מיידיל פיעל געזונד; זי האט געמוזט אָוועקוואַרפען איהר היים און איז אַוועק אין בערלין, איינע אליין, ווייל די קראַנקע מוטער איז ווידער געפאָהרען אויף קוראַציע אין די ווארימע מדינות.

---

ג.

נאַהידא רעמי האט געהאט גרויס טאַלענט צום מאָלען בילדער, און קומענדיג אין בערלין איז זי אריין אין א שולע פון מאַלעריי. באַלד האט זי איבער־אַשט אלע פראָפעסאָרען מיט איהרע זעלטענע פעהיגקייטען; אויך דער בעריהמטער קינסטלער פעטער קארנעלי איז געוואָרען שטארק אויפמערקזאם אויף איהר, און זי האט אָנגעריבען אַלע וואָך פינקטליך בעזוכען זיין ארבייט־צימער און געפאָלגט זיינע עצות. באַלד האָט זי שוין געקענט מאָלען אהן הילף און השגחה פון לעהרער, אויסצירען איהר צימער מיט בילדער, וואס זי מאכט מיט איהר איינענעם פינזעל. אין דער קונסט פון מאָלעריי האָט זי געפינען פרייד און נחת.

דערווייל פליהען אָבער די יאָהרען, זי האט געוואָלט פאָהרען אין איטאַליען, דאָרט קונה־שלימות זיין אין דער קונסט, דאס מזל איהרס האט אָבער געוואָלט אַנדערש. איינמאָל, בעזוכענדיג א בילדער־אויסשטעלונג, האט זי זיך בעקענט מיט מאקס רעמי, א קריטיקער און א ליטעראט. מאקס רעמי האט זיך איבערגעגעבען דער ליטעראַטור נאך אַלס סטודענט; ער איז געווען זעהר בעקאנט ביים פובליקום, און די

יונגע קינסטלערין האט שוין געהערט װעגען איהם. די ערשטע בעקאנטשאפט האט געמאכט אויף איהר א איינדרוק.

שפעטער איז ד' געװארען זיין כלה און נאכדעם — זיין װייב. אבער דאס נייע לעבען האט איהר ניט געבראכט קיין גליק. דער מאן איז געװען א קראנקער, זי האט געמוזט אויף איהם אכטונג געבען און ביסליכ־װייז אװעקװארפען די מאלעריי און די ליטעראטור. אפילו פון תנ"ך האט זי זיך געמוזט אבזאגען. איהר גאנצע אויפמערקזאמקייט האט זי געשענקט דעם מאן, װעלכער איז פון טאג צו טאג ערגער געװארען. גאנצע פינף יאהר איז די יונגע בליהענדע פרוי ארומגעפאהרען מיט'ן קראנקען געעלטערטען מאן פון איין קוראָרט צום אנדערען, ביז מאקס רעמי איז ענדליך געשטארבען (אין יאהר 1888).

נאהידא איז װיעדער געװארען פריי, געבליבען א אלמנה, כמעט נאך ניט פערזוכט קיין פערגניגען פון לעבען.

די צרות האבען אבער ניט פערביטערט איהר געמיט, ניט דערשלאגען איהר גייסט און ענערגיע. „איך האב געפיהלט — אזוי שרייבט זי אין איהר זעלבסט־ביאגראפיע — אז איך בין געװארען העכער, נעפריפטער, געלייטערטער און די יסורים זענען געװען א איבערגאנג צו עפּיס העכערס. צו װאס? — האב איך דערװייל ניט געװאוסט. נאר דאס האב איך געװאוסט, אז װי א טרייער זעלנער װעל איך ניט אװעקװארפען מיין ארט. איך האב פאר קיינעם און פאר קיין זאך קיין מורא ניט געהאט. אפילו ניט פאר א פעהלער. איך האב געגלויבט מיין אינװעניגסטער שטימע, װעלכע איך האב געהאלטען פאר גאטס שטימע. װאס פיהרט מיך פון קינדװייז אן, און װעלכער איך האב ביז איצט נעפאלגט גאר אהן רעכנונג, גלייך װי א פערבארגענער כח װאלט מיך געטריבען.

דער שטימע האב איך געװאלט פאלגען אויך װייטער אויך.

געװאלט? ניין, איך האב געמוזט".

---

### ד.

מיט יודען איז נאהידא דערװייל נאך ניט געװען בעקאנט (אויסער מיט דעם הויז־מיידיל פון דער גרעפין) און ניט געהאט קיין שום התקרבות מיט זיי. באלד אבער איז געקומען א נייע צייט אין איהר לעבען, און זי האט אנגעהויבען, זיך שטארק אינטערעסירען מיט יודען.

דאס אנטיסעמיטישע גיפט איז דאמאלס זעהר פער־־־ געװארען אין דייטשלאנד, צװישען אלע קלאסען מענישען, פון דעם פראסטען פאלק ביז די געבילדעטסטע לייט. פון אלע זייטען האבען זיך געשאטען אויף יודען פאסקװילען, בלבולים, ליגענס, און די שנאה איז געװארען שטארקער, נעפעהרליכער. ניט זעלטען פלעגט נאהידא'ן אויסקומען, הערען צװישען בעקאנטע אזעלכע בלבולים אויף יודען, זעהען אזא שטארקע װילדע פיינדשאפט. אז זי האט געמוזט רויט װערען פאר הרפה, זי האט אנגעהויבען, גוט איינהערען זיך װאס מען רעדט װעגען יודען, גוטס און שלעכטס,

גענומען לעזען אַלע טענות, און איז אַליך מעהר איבערצייגט געוואָרען, אַז די אַלע אַנטיסעמיטישע פּאַמפּלעטען, אַלע בלבולים שטאַמען פון געמיינער שנאה, פון ווילדער פיינדשאַפט און פינסטערניש. נאַהידאַ האָט זיך אָנגענומען פאַר יודען, און דערפאַר האָבען איהר די קריסטען ניט איין מאָל ביטער אויסגעוואָרפען, זי געזידעלט. אָבער נאַהידאַ ווערט ניט אַראָבגעפאַלען ביי זיך, זי בעקענט זיך נאָך מעהר מיט'ן יודענטהום און הייבט־אָן לערנען פלייסיג די יודישע געשיכטע, און וואָס מעהר זי ווערט בעקאַנט מיט דער יודישער געשיכטע, מעהר פיהלט זי ליעבע צום אייבינען פאָלק...

דאַמאָלס האָט זי זיך געווענדעט מיט אַ בקשה צו וויל העלם הערצבערג, דער פערפאַסער פון „יודישע פאַמיליען־פאַפּירען", ער זאָל איהר געבען אַ עצה, ווי אַזוי זי זאָל דערקענען דאָס יודישע לעבען.

דורך איהם איז זי בעקאַנט געוואָרען מיט צעדלינע מאיר, אַ הויכגעבילדעטע יודישע פרוי.

די צוויי פרויען זענען באַלד צוגעבונדען געוואָרען איינע צו דער אַנדערער ווי שוועסטער. שפּעטער איז נאַהידאַ בעקאַנט געוואָרען מיט דעם בעריהמטען פּראָפעסאָר מאָריץ לאַצאַרוס, וואָס איז בעוואוסט מיט זיין יודישער און אַלגעמיינער קענטניש. און אין נאַהידאַס לעבען האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע צייט.

לאַצאַרוס האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער יונגער, זעלטענער פרוי. ער איז געוואָרען איהר פיהרער און עצה־געבער. אויף זיין בעראָטהע האָט זי אָנגעהויבען לערנען העברעאיש כדי זי זאָל קענען לעזען דעם תנ"ך אין דער הייליגער שפּראַך; זי האָט געהאַט באַלד אַ שטאַרקע פעולה אין העברעאיש און לאַצאַרוס האָט איהר געהאָלפען; געשאַפט די נויטהיגע ביכער, ערקלערט אַליך וואָס זי פערשטעהט ניט, און ביי יעדער בעגעגנונג מיט איהם האָט זי געהאַט אָנגעגרייט אַסך שאלות צו פרעגען איהם, און ער האָט איהר געענטפערט און אַלסדינג ערקלערט. ביסליכווייז איז צווישען דעם לעהרער און דער תלמיד'קע געוואָרען אַ אמת'ע פריינדשאַפט, אַ שטאַרקע צוגעבונדענקייט.

אַזוי האָט זי פערבראַכט גאַנצע צעהן יאָהר, זיך פערטיעפט אין געפאָרשט דאָס יודענטהום, און אַז נאָכדעם האָט איהר אַ קריסטליכער אַרויסגעבער פון ספרים פאָרגעלעגט, שרייבען אַ ספר וועגען „יודישע פרויען", האָט נאַהידאַ געפיהלט, אַז זי איז אימשטאַנד צו שרייבען אַזאַ ספר און מיט גרויס פלייס האָט זי זיך גענומען צו דער־אַרבייט.

אַ גאַנץ יאָהר האָט נאַהידאַ געאַרבעט אָהן אויפהער, געקליבען מאַטעריאַל, בעזוכט ביבליאָטהעקען און סינאַגאָגעס, זיך געגראָבען אין יודישע אַלטע ספרים און כתבים.

די אַרבייט האָט איהר געבראַכט פיעל נוצען, געעפענט נייע קוועלען פון יודישע־וויסענשאַפט, וואָס מעהר זי האָט זיך פערטיעפט אין לערנען דאָס יודענטהום, מעהר האָט זי עס ליעב בעקומען. דערווייל איז געשטאָרבען איהר הייס־געליעבטע מוטער; זי איז געוואָרען נאָך מעהר איינגעשלאָסען אין זיך, און האָט פאַרגענומען .מלחמה

האַלטען מיט די פּאַלשע מיינונגען וועגען יודען, און זיך בעמיהען שטאַרקען דעם יודי־שען גייסט". ניט לאַנג האָט געדויערט און ביי איהר איז פעסט געבליבען—ווערען אַ צוויטע רות.

באַלד האָט זי געשריבען אַ בריעף צום ראַבינער ווערטהיים אין ושענעווא, אַז זי קומט צו איהם, ער זאָל זי מגייר זיין. פאַהרענדיג איז זי אָבגעטרעטען אין פרייבורג, וואו ס'האָט דאַמאָלס געוואָהנט איהר רבי לאַצאַרוס, וועלכער איז דערווייל געוואָרען אַ'ג'אַלמן. נאהידא האָט געהאַט בדעה, ניט לאַנג פערבלייבען ביי איהם, אָבער קומענדיג אַהין, האָט זי איהם געפונען קראַנק און געמוזט בלייבען איהם אויפ־פּאַסען.

גאַנצע פינף וואָכען האָט זי געפּלעגט איהר געליעבטען קראַנקען רבי. אַז איהם איז בעסער געוואָרען, האָט דער דאָקטאָר געראַטהען, ער זאָל פאַהרען אין איטאַליען, אָבער ניט אַליין, נאָר מיט איינעם, וואָס זאָל איהם אַכטונג געבען און איהם אָבהיטען.

דער לעהרער האָט אַ קוק געטהאָן שאַרף אויף נאהידא'ן, ווי ער זאָל פרעגען: ווערסט מיטפאָהרען?

דער קוק האָט אַלץ בעשלאָסען. נאהידא איז פערבליבען ביי לאַצאַרוס. זי האָט אָנגענומען די יודישע אמונה און דעם נאָמען רות. באַלד נאָכדעם איז געווען זייער חתונה אין אַ יודישער שול.

---

ה.

נאהידא רות לאַצאַרוס האָט פיעל ווערק געשריבען. נאָך אַלס יונגעס פרייליין האָט זי געשיקט איהרע אַ קליינע קאָמעדיע אין וויענער שטאָדט־טהעאַטער; אין דער קאָמעדיע האָבען געשפּיעלט די גרעסטע אַקטיאָרען. שפּעטער האָט מען געשפּיעלט נאָך אַנדערע שטיק, וואָס זי האָט געשריבען, ווי „קאָנסטאַנציע", „גראַף עקאַרדשטיין" „די וועגען פון ישקאַל" אז"וו.

די קרענק פון איהר ערשטען מאַן האָט צוגענומען איהר גאַנצע צייט, זי האָט אויפגעהערט שרייבען, אָבער באַלד נאָך זיין טויט האָט זי ווידער אָנגעהויבען איהר ליטעראַרישע אַרבייט. דאַמאָלס האָט זי געשריבען איהרע „סיציליישע נאָוועלען" (אין יאָהר 1886); באַלד נאָכדעם איז אַרויס דאָס וויכטיגסטע פון איהרע ווערק „פער־באָרגענע כחות" („געהיימע געוואַלטען"), וואָס איז רייך מיט היסטאָרישען מאַטעריאַל און געשריבען אין אַ זעלטען שענער פאָרם.

נאָר, אַז עס האָט אויסגעבראָכען דער אַנטיסעמיטיזם, האָט זי זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען דער יודישער וויסענשאַפט. „די שפּראַך פון די נביאים" האָט זי אַזוי ענטציקט, אַז זי האָט זי אויסגעלערנט פאָלקאָמען, גרינטליך. פון דענסטמאָל איז איהר ליטעראַרישע אַרבייט געוואָרען גאַנץ אַנדערש. זי שרייבט נור וועגען יודען און יודענ־טהום. דאָס ערשטע ווערק אין דעם פאַך איז געווען דאָס ווערק „די יודישע פרוי" *);

*) דער ספר איז איצט איבערזעצט געוואָרען אין רוסיש מיט נאהידא'ס ביאָגראַפיע, מיט וועלכער מיר האָבען זיך דאָ בענוצט.

דאָס צווייטע ווערק — „קולטורשטודיען איבער דאָס יודענטהום“ (בערלין 1893). אין וועלכען מיר זעהען, אז זי קען זעהר גוט, ניט נור דאָס יודישע לעבען, אָבער אויך די גאַנצע יודישע ליטעראַטור. איהר דריטעס ווערק איז „איך זוכטע דיך“, אין וועלכען זי דערצעהלט די געשיכטע פון איהר לעבען. דאָס ווערק איז זעהר שען און פּאָעטיש געשריבען.

נאַהידאַ רות לאַצאַרוס בעשעפטיגט זיך ווייטער אין איהר שטילער, שענער וואַהנונג אין מעראַן מיט דער ליטעראַטור; זי שרייבט אין די בעסטע זשורנאַלען, סיי אַלגעמיינע, סיי ספּעציעל יודישע. זי וועט אונז איבערלאָזען פיעל פון איהרע גייסטיגע ארבייטען, וואָס וועלען קיינמאָל ניט פערגעסען ווערען אין אונזער ליטעראַטור.

י. ח. זאגאראדסקי.

# די פאַבריק.

(עראינערונגען).

איצטער בין איך שוין א גרויסער דערוואַקסענער מענש, אדער, ווי איך פלעג עס אין מיין קינדהייט רופען— „אַ יוד"... איך האָב שוין אַ שטיק וועלט געזעהן, אין וועלכען עס נעפינען זיך גרויסע רוישענדע שטעדט, מיט אַ סך הויכע שטיינערנע הייזער און מיט אַ סך נידריגע שטיינערנע מענשען... אפילו דעם גרויסען ים, וואָס רוישט אַזוי און שרעקט דעם שוואַכען קליינעם מענשיל, וואָס קוקט איהם אָן מיט זיינע צוויי קליינע אויגען און קען זיין ענדע ניט האַפּען, — אפילו אָט דעם פחד'גען ים האָב איך שוין אויך געזעהן.

נאָר ניט די גרויסע רוישענדע שטעדט, נאָר ניט דער גרויסער פחד'גער ים, האָבען מיר געגעבען דאָס, וואָס איך האָב ביי זיי געזוכט. גרוים זענען די שטעדט, וואָס איך האָב געזעהן, נאָך גרעסער איז דער ים, אָבער דאָס, וואָס איך האָב געזוכט, האָב איך ביי זיי ניט געפונען; און ווען איך וויל האָבען דאָס, וואָס איך האָב גע־זוכט, מוז איך זיך אַוועקלעגען פאַרנאַכט, ווען די זון פערגעהט, אויף מיין בעטיל אין ענגען צימער, פערמאַכען די אויגען און קלערען און טראַכטען און חלומען...

אין דאַן שוועבט אַרויס פאַר מיינע אויגען איין אַנדער וועלט — די קינדהייט־וועלט!

אין קליין פיהל איך מיר דאַמאַלס, אין קליין איז דאָס וועלטיל, וואָס שוועבט פאַר מיינע אויגען, ווען איך ליג פאַר נאַכט אין בעטיל, נאָכדעם ווי די זון פערגעהט, ווען איך פיהל מיר מיעד און דערשלאָגען פון דעם גרויסען לאַנגען רוישענדיגען טאָג אין דער גרויסער רוישענדיגער שטאָדט...

* * *

איצטער בין איך שוין אַ גרויסער דערוואַקסענער מענש, אַמאָל בין איך אַ קליין יונגעלע געווען, און מיין וועלט איז געווען דאָס קליינע שטעדטעלע מיט די זעקס קליינע שמאָלע געסעליך, וואָס האָבען זיך געצווינגען, ווי שוואַרצע שטענגעס, — מיט דעם טייכעלע הינטער אַ שמאָל קליין געסעלע...

און קליין איז דאס שטעדטעלע געווען, די הייזעליך זענען אזוי טרויעריג־זיס געשטאנען, אזוי צובראכען, אז מיר האט זיך גערדאכט, אז זיי זאגען „תהלים“ און בעטען רחמים ביי גאט. און שענער פאר אלע הייזעליך און ליעבער פאר אלע האט מיר אויסגעזעהן ברוך דעם סטאליער'ס שטוב, וואס איז געשטאנען אבגעזונדערט אין עק געסיל. זי איז ניט געפארבט געווען, קיין שטאקען ניט געהאט, איהר גאנצער חן איז בעשטאנען ביי מיר אין דעם, וואס זי איז געווען מיט צוויי סלופעס אונטערגע־שפארט און האט אויסגעזעהן ווי א גוטע אלטינקע באבע, וואס „מאכט“ א זאק און דערציעהלט שענע וואונדערליכע מעשיות פון גאר גאר אלטע צייטען...

* * *

און נאך קלענער און נאך שענער און נאך ליעבער איז דאס טייבעלע געווען. שמאל איז עס געווען און עס האט זיך גערדאכט, אז דאס קלאר וואסעריל ליגט אין טייבעלע, ווי א קינד הוהיג אין וויעגעלע, און שפיעלט זיך, קוקענדיג ארויף צו מיט די שענע ריינע אייגעלעך.

און זומער פלעגט זיין זעהר הייס ביי אונז אין שטעדטעלע. איך האב אבער די היטץ זעהר ליעב געהאט, נאר אז איך פלעג שטענדיג הערען, ווי די „גרויסע“ קלאגען זיך: א סאר' א היטץ, פלעג איך אויך אמאל זאגען: א סאר' א היטץ... קינדהייז האט זיך מיר געדאכט, אז אלין וואס גרויסע זאגען, איז זעהר קלוג, און איך האב אויך געוואלט ווי זיי קלוג זיין, נאר איך האב ניט געקענט; איצטער וויל איך זיין קלוג ווי קינדער, קען איך וויעדער נישט...

אויף די גרויסע „קלוגע“ פלעג איך זיך דאך אפט וואונדערן: ס'טייטש, פאר וואס געהען זיי זיך ניט באדען צום טייבעלע? מילא זונטאג איז א מארקטאג, זענען זיי פערנומען, האבען קיין צייט ניט, אבער אין מיטען וואך געהען דאך אום אלע גרויסע יודען לעדיג איבער'ן מארק און גענינצען, גרויסע יודען געהען דאך ניט אין חדר, הייסט פאר וואס געהען זיי זיך ניט באדען? אך, ווען מיר, חדר יונגליך, האב איך געטראכט, וואלטען צייט געהאט, ווי די גרויסע יודען, וואלטען מיר א גאנצען זומער ביי'ן טייביל און אין טייביל געלעגען...

מיר קליינע, האבען אבער קיין צייט ניט געהאט ווי די גרויסע: מיר זענען געווען פערנומען אין חדר ביי'ן רבין, געלערענט חומש מיט רש"י און שפעטער גמרא.

דאך פלעגען מיר צייט אויף באדען זיך אויך געפינען. מיט וואס זענען מיר, קינדער, ערגער פאר דער טשערעדע? אין אונזער בייזער רבי איז טאקי ניט געווען ערגער פאר איוואן דעם פאסטוך: ווען יענער פלעגט טרייבען די קיה און ציגען פון פעלד, פלעגט דאמאלס דער רבי מיט זיין שטענדיגען בייזען קול ארויסברומען:

— אהיים געהט!

— באדען זיך! — פלעגען מיר ארויסשייען אלע אין איין קול, ארויספליהענ־דיג פון חדר...

— ביעגאם מאריש! — פלעגט א קאמאנדעווע טהון איין יונגיל, וועלכער פלעגט שטענדיג זיין אונזער „פאלקאווניק“ ביי'ן סאלדאטען שפיעל.

און מיר פלעגען זיך לאזען לויפען איבער די געסעליך צום טייבעלע.

פלעגט זיל אמאל טרעפען, אז לויפענדיג אזוי צום טייכעלע פלעגט עמיצענס א טאטע אונז בעגעגענען און אונז א רוף טהון מיט א בייזער: וואוהין? פלעגען מיר זיך מאכען כאלו לא ידע״, און פלעגען זיך ניט אבשטעלען. אי וואס? שפעטער וועט מען שמייסען, מילא! וואס נאכדעם וועט זיין, האבען מיר ניט געזארגט. מיר זענען נאך ניט געווען אזוי קלוג און „געזעטצט״ ווי די „גרויסע״ און מיר האבען קיין מורא ניט געהאט פאר שפעטער...

---

ס׳איז ווינטער געווען, מיר יונגליך זענען געזעסען אין חדר און האבען געלערענט „מרובה״. דער פרק איז געווען צו ערנסט און צו שווער פאר אונזערע לייכטזיניגע קעפעליך און אונז איז בכלל נישט אנגענאנגען, ווי פיעל דארף דער גנב בעצאהלען: צי ד׳ וה׳ אדער תשלומי כפל; פון אונזערט וועגען האט מען דעם גנב געקענט אין גאנצען שענקען, בכלל, האבען מיר ניט פערשטאנען, וואס בעטייט עס? איינער איין ארימאן, וואס האט ניט וואס צו עסען (אנדעריש, וואלט ער דאך ניט געגנב׳ט). גנב׳ט א שעפסעלע, טראגט עס אויפ׳ן פלייטשע, דאס שעפסעלע מעקעט אזוי טרויריג,— אין גאנצען א יונגעלשע מעשה, קומען צו געהען תנאים און חכמים, אזעלכע „גרויסע״ יודען, און מאכען דערפון א גאנצען וועזען, קריגען זיך אזוי שטארק, אז׳ש זיי ברענגען אריין אונזער רבין אין כעס, און ער שלאגט אונז מיט די גראבע רוקענס פון דער גמרא... א פיינער יושר...

און דעם טאג האבען מיר גראד געלערענט יענעם בעוואוסטען „עמוד״, וואס האט עפיס עטליכע שורות „גמרא״ און וואו דאס איבעריגע איז רש״י און „תוספות״, אזוי אז דער „עמוד״ מיט די עטליכע שורות גמרא ווייזט אויס, ווי עפיס א קליין אינזעל פערטרונקען צווישען צוויי גרויסע ימים, און מיר דוכט זיך, אז מיר שטעהען אויפ׳ן אינזעל און ציטערן, און אונזער רבי, דער קאפיטאן וויל אונז איבערפיהרען די צוויי גרויסע ימים, וויל זיין א העלד, נאר ער קען ניט און ער שרייט און שילט און, ערגער פאר אלין, ער שלאגט...

נאר אט עפענט זיך אויף די טהיר און עס לויפט פריהער אריין א ווייסע פארע אין חדר, נאכדעם פאלט אריין בעריל דער שמיד, א חדר־יונגילס א טאטע. ער קומט געוואהר ווערען, וואס מאכט זיין יאסקע, און גלאט אביסיל שמועסען מיט איין ידען איין „תלמיד־חכם — מיט׳ן רבין.

— שלום עליכם, רבי! ציהט דער שמיד אויס דעם רבין זיין גראבע פערהארעוועטע האנד.

— עליכם שלום!— ענטפערט דער בייזער רבי און סטארעט זיך צו שמייכלען. נאר דאס קומט איהם זעהר שווער אן.

— זיטצט ר׳ בער! — נו, שקצים,— ווענדעט זיך דער רבי צו אונז,— זיטצט רוהיג א ווילע, קוקט איבער דעם תוספות דערווייל, און איך וועל אביסיל שמועסען מיט ר׳ בער׳ן.

מיר קוקען זיך איין אַלע אין דעם גרויסען ים תוספות, נאָר אונזערע אויערען זענען אָנגעשטרענגט צו הערען עפּיס נייעס, וואָס בער דער שמיד האָט געבראַכט, ווייל בער דער שמיד ברענגט שטענדיג אַסך נייעס, ווען ער קומט.

— אַ וועלטעלע געוואָרען, אַ גרויל, אַ גרויל! — הויבט אָן דער שמיד.

— דהיינו, ר' בער? — ווערט נייגיריג דער רבי און שטעלט אָן די אויערען צו הערען עפּיס אינטערעסאַנטעס.

— אַ גרויל, אַ גרויל! — האַלט זיך אַלין דער שמיד ביי'ן וואונדערן — נו, אַ וועלטעלע!

— אדרבא זאָגט! — טרייבט דער רבי.

אַ גרויל, אַ גרויל!

מיר קוקען אין תוספות און וואַרטען מיט דער גרעסטער אונגעדולד אויפ'ן „גרויל", וואָס ר' בער דער שמיד וועט מסתמא באַלד דייטליכער ערקלערען.

— אַ קליין שטעדטעלע,— הויבט אָן דער שמיד, — מישטיינס געזאָגט, וועקס געסליך מיט אַ מאַרק, די גוייעשע געסליך איז דאָך ניטאָ וואָס צו רעכענען, איהר פערשטעהט? און אין אַזאַ שטעדטעלע מאַכט מען גאָר אַ פאַבריק... אַ פאַבריק! אַ גרויל!

„אַ פאַבריק" !— גיב איך אַ קלאַפּ אַ חבר מיט'ן פוס.

— אין תוספות קוק! — גיט אַ געשריי דער רבי.

— אַזוי, נאָר! — ווענדעט זיך דער רבי צום שמיד.— אַ פאַבריק דאָ אין שטעדטיל, צי משוגע?

— אַ פאַבריק פון שוועבעליך.

„פין שוועבעליך!"— גיב איך ווידער אַ קלאַפּ אַ חבר מיט'ן פוס.

— דו קוקסט אין תוספות, צי ניט, גראָבער יונג דו,— שרייט אויס דער רבי נאָך העכער און נעמט מיך אָן פאַר'ן אויער און דרעהט אַ „שלשלת"...

— אַזוי נאָר פון שוועבעליך! וואָס איך הער! — וואונדערט זיך דער רבי און גלאָצט אויס די אויגען.

— יאָ, יאָ, ביי אונז אין שטעדטעלע שטעלט מען אַ פאַבריק פון שוועבעליך.

— משוגע, פשוט משוגע,— לאַכט דער רבי, ווי פיעל שוועבעליך דאַרף האָבען אונזער שטעדטיל? לאָמיר אפילו רעכענען אַ מאה פעקליך אַ וואָך... לוינט דאָס דען?... פשוט משוגע...

— רעכענט איך,— גיט דער שמיד קאַלטבלוטיג צו פערשטעהן, אַז אַ פאַבריק מאַכט זיך ניט נור פאַר אַ שטעדטיל אַליין. די שוועבעליך קענען אַנגעהן אומעטום אין דער גאַנצער וועלט. איהר פערשטעהט... למשל באַריסאָווער שוועבעליך! באַריסאָווער שוועבעליך זענען אַ שם־דבר. מען מאַכט דאָרט גאָלדענע געשעפטען.

— אויב אַזוי — זאָגט דער רבי פערקרימענדיג דאָס פנים — אויב אַזוי איז עפּיס אַנדערש, שיקט זיך דאָס! וועט מען מאַכען, קען געמאָלט זיין פיינע געשעפטען?

— וואָס פרעגט איהר? — גליקליך וועט ער ווערען? — שטעלט פאַר דער שמיד פאַר'ן רבין גרויסע גליקען.

— ווער מאַכט די פאַבריק? פרעגט דער רבי.

— עפּיס אַ גרויסער גביר פון מינסק, האָט אַ מטמון געלד און ווכט געשעפט.

— און וואו מאַכט ער די פאַבריק? פרעגט דער רבי ווייטער.

— אין אָרט האָט ער אַ גאָלדענעם, ביין טייכיל, אַ זעלטענע פּלאַץ.

— ביין טייכיל! — רייסט זיך אַרויס ביי אונז חדר יונגליך ווי אין איין קול אַ געשריי, און מיר קוקען זיך אַלע איבער.

— אין תוספות קוקט! — שרייט דער רבי, פּייערים, ליידאַקעס.

— ביין טייכיל! — קלאַפּ איך מיין חבר הינטערן טיש מיטן פוס, און מיין האַרץ ווערט איבערפול מיט עפּיס מאָדנע געפיהלען, און פאַר מיינע אויגען מאָלען זיך פאַנטאַסטישע בילדער, און איך וויל פאַלען צו די פיס בערע דעם שמיד און ווינען פאַר איהם און בעטען איהם תחנונים:

— רב בערע האָט רחמנות, זאָגט מיט איין אמה, מאַקי ביין טייכיל מאַכט מען די פאַבריק?... מאַקי ביין טייכיל?...

און מיר גלויבט זיך דאָס גליק ניט...

---

און אַז נאָך פסח איז די פאַבריק פערטיג געוואָרען, און מיר חדר יונגליך זיינען געקומען צולויפען אַ קוק טהון צו, האָבען מיר זיך עפּיס ווי געשראָקען פאַר איהר. די הויכע קוימענס האָבען פון דער ווייטענס אַזוי ביין געקוקט און האָבען אויסגעזעהן, ווי זיי וואָלטען וועלען הרוב מאַכען דאָס גאַנצע שטיק פעלד, וואָס געפינט זיך אַרום.

— אַ סאַרא הויכע קוימענס! — האָט יאַסקע, אַ חדר יונגיל פון ווייטען אַנגעוויזען.

— ווי עס הודיעט! — האָט אַ צווייטער יונגיל ווי מיט שרעק אַרויסגעזאָגט.

— קומט געהענטער! וואָס האָבען מיר מורא? — האָט זיך איינער געמוטהיגט.

— מאַקי וואָס האָבען מיר מורא? — האָבען מיר זיך אַלע געפּאַסט מוטה— קומט זעהן.

מיר זענען צוגעגאַנגען נעהענטער און האָבען זיך געשטעלט ביין טייכיל. דאָס וואַסעריל האָט שטיל און טרויריג געדרייסט, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עס וויינט... מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס טייכעלע האָט מורא פאַר דער גרויסער פאַבריק...

און ניט נור אויף מיר אַליין האָט דאָס טייכעלע אַזאַ איינדרוק געמאַכט. אַלע חדר יונגעליך האָבען, אַנשטאָט צו קוקען אויף דער פאַבריק, זיך אין וואַסער איינגעקוקט און האָבען עפּיס ווי געזיפצט.

— מוטנע וואַסער געוואָרען!

— מאַקי! האָט אַ צווייטער טרויריג מודה געווען.

— דאָס איז פון רויך פון די קוימענס...

— אַ רחמנות אויף דאָס טייכעלע. — האָט איין יונגעלע כלומרשט לאַר־כענדיג געזאָגט.

— משוגענער! — האָבען מיר פון איהם אָנגעהויבען צו לאַכען, די הערצעליך אָבער איגזוענג האָבען אונז געקלעמט און עס האָט זיך וויינען געוואָלט...

„ספירה" האט זיך געענדיגט; עס איז געווען א הייסער טאג. און לערנענדיג מיט'ן ביזען רבי'ן האבען מיר א גאנצען טאג אין זיננען געהאט געהן פארנאכט אריינ־ווארפען זיך אין אונזער ליעב טייכעלע.

און מיט אונגעדולד האבען מיר געקוקט בגנבה אין פענסטער צו זעהן, וואו האלט שוין דער שאטען פון די הויזער, ווען וועט שוין די זון אויף אונז רחמנות האבען און וועט זיך איבערפעקלען ערגיץ וויט הינטער די הויזער, כדי דער רבי זאל אונז שוין לאזען פריי...

און אט איז שוין די גאנצע גאס „שאטען" געווארען, דער פאסטוך האט שוין די טשערעדע געטריעבען, און דער רבי האט אונז פריי געלאזט.

— באדען זיך! — האבען מיר אין איין קול אויסגעשריען. און זיך געלאזט אראב פון געסיל, צום טייכיל.

— הערסט ווי עס פייפט! האט געהענדיג איין חבר, ווי בעזארגט אויסגע־הופען, צוהערענדיג זיך ווי פון וויטען פייפט די פאבריק.

— זאל פייפען! וועט זיין פרעהליכער זיך צו באדען,— האט א צווייטער געזאגט.

— טאקי! — האבען מיר מיטגעשטימט, ווי מיר וואלטען וועלען זיך אליין אבנארען.

נאר וואס נעהנטער מיר זענען געקומען צום טייכיל, אלץ מעהר האבען מיר זיך געשראקען. עפיס האט אונז דאס הארץ פארגעזאגט טרויעריגעס...

איך האב זיך געלאזען לויפען אלץ שטארקער און שטארקער, ווי איך וואלט וועלען דערמיט שטארקען מיינע חברים. נאר קומענדיג נאהענט צום טייכיל בין איך געבליעבען שטעהן, ווי פערגליווערט.

— ניטא, ברידער קיין טייכיל! צוריק! האב איך ווי מיט א געוויין אויסגעשריען.

— ד ז ז ז ז ק !! האבען די קומענס געפייפט.

— ד ז ז ז ז י ! !

די הדר יונגליך זענען נעהענטער צוגעקומען, האבען איינגעבויגען די קעפ אריינ־ציקוקען אין טייכעלע און מיר האבען אלע א לאנגען זיפץ, ווי נאך א געשטאר־בענעם, ארויסגעלאזען.

— אוי!!

דאס וואסער האט אויסגעזעהן ווי אין א טעלער פערבליעבענע קאלטע גער־קעכטס, פערגליווערט. אויף דעם גליווערדיי זענען געווען אנגעווארפען העלצעליך, צי־בראכענע קעסטעליך און מיסט און אלץ האט געשמעקט מיט א מאדנעם שטיקענ־דיגען ריח.

מיר זענען אזוי געשטאנען ווי פערשטיינערט א פאר מינוט, געקוקט מיט אראב־געלאזענע קעפ, פלוצים האבען מיר דערהערט עפיס א גראבען קול רעדט צו אונז:

— וואס טהוט איהר דא, הא?

מיר האבען זיך אומגעקוקט און האבען דערזעהן א הויכען גראבען בייזגען יודען, מיט א פליעך אויפ'ן קאפ; ער שטעהט און קוקט אויף אונז און שמייכעלט. מיר האבען ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

— וואָס טהוט איהר דא? האַ? — האט ער ווייטער געפֿרעגט.

— באדען זיך ווילען מיר! — האט זיך ביי מיר עפּים ניט ווילענדיג אַרויס־געריסען פֿון מויל.

— האַ־האַ־האַ — באדען זיך! — האָט זיך דער הויכער בייבינער יוד פֿונ־אנדער געלאַכט. נו, גיכער טהוט זיך אויס! האַ־האַ־האַ!

— אַמאָל פֿלעגען מיר זיך דאָ באָדען, — האט א צווייטער יונגיל, ווי הויך טרעהרען אַרויסגעזאָגט. אַמאָל איז געווען ריינע וואַסער...

— אַמאָל! אַמאָל! — האט דער הויכער בייביגער יוד זיך פֿרעהליך נאַריש גע־מאַכט מיט אונז — אַמאָל איז אויך א קונין געווען צו באָדען זיך, באָדט זיך איצ־טער... האַ־האַ־האַ! אַט איצטער באָדט זיך!... האַ־האַ־האַ!...

זיין לאַכען האט אונז ווילד געררייצט, און איינער פֿון אונז, בלאַס ווי דער טויט, האט אַ געשריי געטהון.

— אַ בראַנד אין אייער פֿאַבריק!...

און האט זיך פֿונאַנדער געוויינט.

— האַ־האַ־האַ! — האט זיך דער בייביגער־דיקער יוד פֿונאַנדער געלאַכט. — אַהיים שקצים!...

געהענדיג צוריק אַהיים, האָט מיר געקלונגען אין די אויערען דעם יוד'ס גע־לעכטער, דער „הוהוהו" פֿון די קומענס און דאס אַלץ האָט זיך מיר געלענט ווי שוועבעל איין מיין האַרץ.

— אַ בראַנד אין דער פֿאַבריק! — האט דאס יונגיל דעם גאַנצען וועג געשאָלטען.

— דערשטיקט האָט זי דאס טייכעלע! — האט אַ צווייטער געזיפֿצט...

און לאַנג האָבען מיר דאס טייכעלע בעוויינט און נאָך לענגער די פֿאַבריק געשאָלטען...

אברהם רייזען.

# שלום יעקב אבראמאוויץ

(מענדעלי מוכר־ספרים)

פון

## ג ר צ ד ק.

„אין דעם מענשענס נשמה שפיעגעלט זיך אב א גאנצע וועלט; דער ים געפיהלען אין הארצען נעהמט זיך פון טויזענדער קוואלען, אינעווענינסטע אין איהם און אויסווענינסטע הוץ איהם“.

[דאס ווינשפינגעריל, ז. 134, ניויארק].

---

I.

עס זענען דאַ שרייבערס, פאעטען, וועלכע נעהמען אן דעם לעזער זאנפט ביי דער נשמה, זאגען עפּיס א ווערטיל, א שיחת חולין, בערוהיגען מיט זייערע שטילע ווערטער דעם פער'שמעיה'טען מח, און איידער מען קוקט זיך נאָך ארום, איז שוין דער לעזער הויך — הויך אויף די שפּיצינע בערג פון עולם הדמיון, וואו די געהויבענע נשמות בויען זייערע נעסטען. יאוש און בטחון, פרייד און טרויער מישען זיך דורך אין לעזערס געמיט, אַ נייע הויט ווערט עפּיס אויף איהם אַרויפגעצויגען, ער קריגט עפּיס א פונק פון א נשמה־יתירה, און ער הויבט אָן צו בעטראַכטען די וועלט און די מענשען מיט די אויגען פון געהויבענעם שרייבער, מיט דעם גייסט פון פאעטען.

עס זענען אָבער דאַ שרייבערס און טאַקע אויך פון די גרויסע, וועלכע שלעפּען דעם לעזער אין זייער עולם הדמיון, ווי מיט געוואַלד. דער וועג צו די בערג איז א זאַמדיגער. אויף טהאַלען און בערג קומען מיט אמאל גריבער און זומפען, דער שרייבער האָט צרות אויף צרות, ווייל אַלע מינוט פער'עקשן'ט זיך דער לעזער און וויל זיך ניט ריהרען פון אָרט.

שלום אבראַמאָוויץ געהערט צו דעם צווייטען מין שרייבערס. איידער מען לייענט נאָך דורך זיינס א בוך, קען מען שוין די גריבער און די טהאַלען פון זיין טאַלענט. פריהער פאַר אַלין זעהט דער קריטיקער די חסרונות זיינע. און מען מוז זיך גוט אָנהאָרעווען, איידער מען הייבט איהם אָן צו געניסען און צו פיהלען אין איהם דעם ריכטיגען טעם.

ערשטענס, קומט ער צו אונז א פערשטעלטער, מיט א מאַסקע פון א פרום פּניס'ל, מיט אַ תהינה'לע אויף די ליפּען; ווי א טרייער קוזיקעל בעגלייט איהם דאָס פּסוק'ל און רעדען רעדט פאַר איהם ר' מענדעלע. פערצעפּעט ער עפּיס אָדער עמיצען מיט זיין שאַרף ציינגיל, לעגט ער באַלד צו: „ניט דאָס בין איך אויסען" און ווי באַלד עס גלוסט זיך איהם צו ווייזען זיין ביטער האַרץ, אויסצוגיסען אַ טרעהר, שפּרינגט שוין אַרויס ווי אַ שֵׁד אין דער „קליאַטשע" אַ גלייכווערטיל און אַ הוזק'ל אויף די ליפּען.

צווייטענס, איז זיין לשון אַ צו געקינצעלטער. מען פיהלט, אַז אַבראַמאָוויצען האָט זיך געוואָלט אין זיינע ווערק בעשאַפען אַ אייביגעם מאָנומענט פאַר דעם זשאַרגאָן־לשון, ער האָט זיך בעמיהט אַריינצולעגען אין דער שפּראַך דעם גאַנצען סענס זיינעם, און ווען ניט ר' אַלטער יקנה"ז, טריינע סאָסיע, רייזע די בעל־אכסניה'טע און עטליכע אַנדערע פאַרשוינען פון זיינע ביכער, וואָלט מען קענען מיינען, אַז אַלע העלדען פון אַבראַמאָוויץ'ען האָבען זיך ווי אויף צו להכעיס צוזאַמענגערעדט איבערצומישען דעם אָרימען ר' מענדעלען. דורך דעם פערליערען זיינע ווערק די לעבענדיגקייט זייערע: מען ווערט פערמאַטערט צו שלינגען די אָבגעטאָקטע רעד פון ר' מענדעלען אין פערשיעדענע געשטאַלטען, עס ווערט אַ ביסיל דערעסען צו טרינקען לויטער סענס אָהן אַ קאַפּעלע וואַסער. עס גלוסט זיך אויסצורוהען אַ ווײַלע, אָבצוחאַפּען אַ ביסיל דעם אָטהעם, אַ קוק צו טהון אָן אַ זייט...

דריטענס, איז שלום אַבראַמאָוויץ אַ שלעכטער אַרכיטעקטאָר. ער בויט אויף זיינע „מתנות פאַר יודישע קינדער", זיינע „מעשות פון יודישע אָרימע לייט", זיינע „מעשות פון פערוואַלגערטע כתבים" אָהן אַ צירקעל און אָהן אַ לינעאַל. די מעשה ציהט זיך ביי איהם, ווי אַ וואָגען אויף אַ דאָרפישען, ניט געברוקירטען וועג. ער שרייבט „פערקיטעלטע מעשות". איינס קיטעלט זיך מיט'ן אַנדערען, אַ מעשה נעבען אַ מעשה אָבער דאָס גאַנצע געבוי איז ניט צוזאַמענגעוואַקסען, נאַר צוזאַמענגעקייקעלט, און אָפטמאָלס דערמאַהנט מען זיך ערשט ביי'ן סוף ביכיל דעם אָנהויב פון אַ ספּור־המעשה, וואָס מען האָט אָן דעם שוין לאַנג פערגעסען.

פיערטענס, אויסער די פערשטעלטקייט פון אַבראַמאָוויץ'ען האָט ער נאָך די טבע אַריינצולעגען אין מויל פון זיינע געשטאַלטען אַזעלכע רעד, וואָס האָבען אַ דאָפּעלטען טייטש. חוץ דעם וואָס די רעד זייערע זענען גוגע פּשוט'ע זאַכען, שטעקען נאָך אָפטמאָלס אין זייערע ווערטער אַ מיין, אַ רמז אויף עפּיס אַנדערע זאַכען, אויף כלל ישראל. בשעת פישקע דעם קרומענס בלינדע פלונית'טע שטופּט אָב פון זיך דעם ממזר און זאָגט: „געהט איך, פע! איך בין אַ אשת־איש און האָב בריך־השם מיט וועמען אין די הייזער צו געהען", הערען מיר אין די ווערטער גלייכצייטיג אַ שען רמז'ל אויף כלל ישראל. אַזעלכע שטעלען זענען צוזייט און צושפּרייט אומעטום אין אַבראַמאָוויץ'עס ווערק. זיי קריגען דעריבער אַ צווייַדייטיגען זין און וואַרפען דעם לעזער פון פּרט צום כלל און קאַפּויער און צושטערען איהם דורך דעם תענוג פון לעזען.

פינפטענס, ווי אַ אֶמת'ער קינד פון זיין פאָלק, וואָס האָט זיך ליעב אייביג צו ווערטלען, האָט אַבראַמאָוויץ דעם חסרון, צוליעב אַ גוט וואָרט אָדער אַ וויציל צו

צווישטערען די געפיהלען ביי'ן לעזער. וואס ער האט מיט אזוי פיעל מיה און קונסט געזוכט ארויסצורופען, די שענסטע שטעלען פון זיינע ווערק ווערען אמאל פערדארבען דעריבער, וואס ער האט זיך ניט געקענט איינהאלטען צו מאכען ניט אין דער צייט אפילו א גוטען אבער ניט קיין אנגעפאסטען וויץ *).

אלע די חסרונות, וואס מיר האבען דא אומישנע ארויסגערעכענט, זענען אזוי וויכטיג פאר אבראמאוויץ'עס טאלענט, אז אהן זיי וואלטען מיר אפשר גאר ניט גע־קענט פערמאגען זיינע ווערק. די חסרונות פון גרויסע טאלענטען איז ניט מינדער ווערט צו לערנען און שטודירען, ווי זייערע מעלות. ביי זיי, די גרויסע שרייבערס, דריקט זיך אויס דער גייסט פון אייגען פאלק ווי דורך א פערגרעסער־גלאז. אלץ איז ביי זיי בולט'ער, אלץ איז גרעסער און פערענדיגטער. און ווען מיר זאלען גוט קענען פער־שטעהן דעם מקור, פון וואנען עס נעהמען זיך די חסרונות און מעלות ביי אונזערע גרויסע יודישע טאלענטען, וואלטען מיר שוין ממילא פערשטאנען די נשמה פון יו־דישען פאלק מיט אלע זיינע מעלות און חסרונות.

אבראמאוויץ שטאמט אב פון דעם דור, וואס האט ארויסגעגעבען א נייעם מין מענשען, יודען, וועלכע זענען פון תנ"ך און גמרא געווארען „בעהאלטענע משכילים". זיי האבען זיך להי'ן ווייניג וואס אונטערשיידט פון די „פארצייטיגע". ווי פער־שטעלטע האבען זיי פערבראכט זייערע יאהרען אין לאנגע קאפאטעס און טלית־קטנ'ס, געדאוונט דריי מאל א טאג, ניט פערגעסען א שמחת־מצוה, און ווען זיי האבען שוין יא זיך דערוואגט עפיס צו טהון, איז דאס בעשטאנען דערין, וואס זיי פלעגען איבערהיפען געוויסע שטיקליך פיוט. אויסקעמען אפטער דאס בערדיל און א קאפעלע אונטערקירצען די פאות. דאס זענען פון יענער צייט די נייע „למדו'ניקעס" אין דער בילדונג. פון דרויסען אנקוקענדיג דאכט זיך גאר ניט, אבער הייליגער גאט, וואס אינעווייניג האט זיך געטהון ביי זיי. אין הארצען האט געגליהט דאס יודיש פינטעלע. עס האט געברענט דאס הייליגע פייער פון ליעבשאפט צו דער גאנצער וועלט. עס האט זיי זיך געדוכט, אז עס הויבט זיך עפיס אן א ליכטיגע פרייע צייט, א גן־עדן אויף דער ערד. צווישען זיך האבען זיי שטילערהייט געלעבט ווי ברידער, ווי חסידים פון א רבי'ן, און געקוויקט האט מען זיך מיט די ווערטער פון די הייליגע נביאים, מיט א מליצה־ספר מיט א שלום־לאהובי־ברייעוויל. (ווינשפינגערל ז. 138—137).

דאס איז געווען אין יענער צייט, בשעת דער יוד איז נאך געלעגען טיעף איינגעהילט אין יודישקייט, האט נאך ניט געהאט קיין מגע ומשא מיט מענשען פון אן אנדער פאלק און האט זיך ניט געקענט פארשטעלען א לעבען אהן א יודישער קהילה. פון קיין סאנד האט מען נאך ניט געוואוסט. אלע דין־תורות און אלע סכסוכים פלעגען זיך אבשפיעלען צווישען איינענע. די קהל'ס־פיהרער האבען געהאלטען די שטאט אין זייערע הענד, און וואס זיי פלעגען טהון, פלעגט זיין געטהון. אין בעת

*) איך וועל נעהמען ביישפיעלען, וואס וועלען קלאר זיין פאר אלעמען, למשל: „ווינשפינגערל" ז. 73, שורה 1—2 פון אונטען, „קליאטשע" ז. 113, שורה 13—15 פון אויבען, ניו־יארקער אויסגאבען.

עס פלעגט זיך אַריינמישען די רעגירונג אין די יודישע פיהרונגען, פלעגט מען קוקען אויף דעם ווי אויף א שרעקליכע גזרה, וועלכע מען מוז אָבשטויסען פון זיך מיט תפילה, צדקה און אַ מתנת־יד דעם ערל מיט די שליפּעס.

די בעהאַלטענע משכילים האָבען אַליין געשטעקט טיעף אין דער בלאָטע, דאָס זענען געווען קליינע מענשעליך, וואָס האָבען עפּיס „געהאפערט" אויף בעסערע צייטען, פונקט ווי ווייבער „האפערען" אַבליינענדיג א תהינה, אין זייערע קעפּ, אָנגע־שטאָפּט מיט מליצה־ביכליך איז ניט געווען קיין קלאָרע פאָרשטעלונג פון דעם, אויף וואָס זיי האָבען געהאפט. זייער אידעאַל איז געווען צו לעבען עפּיס אַ ביסיל שענער, ריינער, אייראָפּעאישער; די אויסערליכע מעלות פון אייראָפּעאישען לעבען זענען זיי געפעלען, זיי האָבען פערלאַנגט אַ ביסיל מעהר פרייהייט, אָבער זייער פאָרשטעלונג פון פרייהייט איז אויך געווען אַ קינדישע און אַ עגאָאיסטישע: זיי האָבען געוואָלט פריי ווערען פון קהל׳ס־שטיבל, פון די לאַנגע שמונה־עשרה׳ס, פון שמוציגען באָד, פון עפּוש אין בית־המדרש א. ד. גל. געבויט האָבען זיי אַלץ אויפ׳ן שכל הישר. זיי האָבען שטאַרק געגלויבט. אַז מיט לאגיק קען מען אַלין דערגרעהן און בעווייזען. זייערע איינענע לאגיק אָבער איז ווערט געווען אַ שמעק־טאַבאַק, דען דער שכל הישר זייערער האָט זיך ניט גערעכענט מיט פאַקטען, האָט זיך אויך ניט געקענט רעכענען מיט פאַקטען, ווייל די אַלע משכילים האָבען זעלטען פערלאָזען די קליין־שטעדטליך, און האָבען זיך פאָרגעשטעלט „די בילדונג" ווי אַ בת־מלכה אין אַ אלאבאסטערגען פּאַלאַץ. די אויסענוועניגסטע סתירות פון יודישען לעבען האָבען זיי אָבגעשטויסען, דאָס יודישע לעבען האָט אויסגעזעהן אין זייערע אויגען מיאוס צום אָבעקלען, און זיי האָבען זיך געסטאַרעט עפּיס אַריינצוטראָגען אין זייער אייגענעם לעבען אַ ביסיל מעהר ריינקייט, פיינקייט, שטילקייט, איידילקייט, בקצור שענקייט, בוייענדיג אויפ׳ן שכל הישר. האָבענדיג אַזעלכע אויבערפלעכליכע פּרעטענזיעס צום יודישען לעבען, האָבען זיי ניט געקענט אַרויסגעהען מיט ביקסען אין די הענד אַקעגען די פיינדליכע סבות פון אַרוי־מיגען לעבען, זיי האָבען בכלל ניט געפיהלט דאָס יודישע אומגליק אַזוי טיעף, ווי מיר פערשטעהען דאָס היינט, זיי האָבען בכלל ניט געהאַט קיין העכער אידעאַל, ווי ניט אָבצושטעהן להוין פון די געבילדעטע אייראָפּעער, זיי זענען בכלל געווען קליינע שיסערס, מיט׳ן שכל הישר האָבען זיי געאַרבעט, און אַזוי ווי דעם שכל הישר פלעגט מען אויך אָנרופען אַפּיקורסות, האָבען זיי זיך געסטאַרעט בעהאַלטענע־הייט מיט פּשט׳ליך, פּסוקים׳ליך, אַ מדרש פון גמרא, אַ צווידייטיגען טייטש און דאָס גלייבע אַריינצוקריכען אין די הערצער פון זייערע שווער און שוויגער, פון זייערע מקורבים און בעקאַנטע.

דאָס זענען געווען ניי־מאָדנע צבוע׳קעס, וואָס ניט צוברעכענדיג דעם אַלטען פאַס האָבען זיי געוואָלט אַריינגעבען אין איהם א ביסיל אייגענע צוקער־וואסער, און וואָס האָבען פ ע ר ש ט ע ל ט ע ר ה י י ט געאַרבעט מיט׳ן שכל הישר, איהם אַרויסלאַ־זענדיג פון מויל אין א פרוס־בעקלידטען אופן.

אין אַזאַ דור איז געבאָרען געוואָרען ש. אַבראַמאָוויץ, און דאָס, מיט וואָס דער דור האָט זיך אויסגעפּיינט, איז אַביסיל קלעפּען געבליבען אויפ׳ן גרויסען טאַלענט פון

אבראמאוויצען, אמת קינער האָט ניט טיעפער פערשטאַנען די הייליקייט פון די נייע למד־הואו׳ניקעס" ווי ער. די בעסטע זייטען אין דער „קליאטשע" זענען געשריבען געוואָרען אויף צוליעב זיי און פאַר זיי. אָבער ש. א. איז פאָרט געוועזען א תלמיד פון גאָטלאָבערען, ער האָט פאָרט זיי צו פערדאַנקען די ערשטע טריט זיינע צום אלבאסטערען פאַלאַץ פון השכלה. און האָטש ער האָט פון זייער געדאַנקענוועלט זעהר ווייניג, האָט ער זיי ליעב פון האַרצען און האט א סך זאַכען פון זיי איבערגענומען. אין „ווינשפינגעריל" רופט ער זיי די „יונגע אַלטע נארען", וואָס האָבען נאָך ניט, נעהאַפט אין דער בילדונג דעם היינטיגען דרך, אז די בעסטע תורה איז סחורה און די בעסטע מליצה — אַ קערביל. און זיינע משכילים אין דעם „קליין מענשעלע" און אין „ווינשפינגעריל" זענען געצייכענט פון איהם ווי א פיין אויסגעצוואגען ליאלקע, מיט דער ליעבשאַפט פון א טאַטען צום קינד. דער זעלבער משכילים־דור, וואָס האָט געמאַכט פון אבראמאוויצען אַ פערשטעלטען, האָט איהם אויך אויסגעלערנט צו קינצלען די שפראַכע אין דעם אופן, ווי מיר האָבען פריהער אנגעמערקט. אין דעם זשאַרגאָן־שרייבער אבראמאוויץ לעבט דער אלטער מליצה־שרייבער, וואָס האָט גע־קענט אָבזיצען אַ גאַנצע נאַכט, כדי אבצוטאקען א שלום־לאהובי־בריעוויל. די ליעבע צו נעטיאַגקייט, ריינקייט און צום שכל הישר האָט דענמאָלסט געוועקט ביי'ן יודען דעם משכיל אַ חשק צו מאַטעמאַטיק און צו דקדוק, און בן זאב׳ס תלמוד לשון עברי האָט מען אפשר דענמאָלסט געלייענט מיט מעהר תענוג, ווי היינט די מאמרים פון אַ אחד־העם און די ווערק פון אבראמאוויצען. די משכילים, וועלכע האָבען אליין ניט געהאַט קיין תוך און האָבען פון איין זייט מקנא געווען דעם שענעם יודען וואָס האָט נור גערעדט אויף תנ״ך־לשון און פון דער צווייטער זייט — די דייטשען, און געשלונגען מאַטהיסאָן, ראַמלער, שילער און זיך בעמיהט אויסערליך ניט אבצושטעהן פון א בערלינער יודען —, האָבען געהאַט א גרויס בושה פאַר די פאָרמען פון א שפראַך, וואָס טראָגט אריין אַ סדר אין דעם געוועהנליכען רעדען, וואָס איז מקרב צום שכל דעם געבי׳ פון א לשון. און אבראמאוויץ האָט דעם „צחות הלשון" פון העברעאיש אריבערגעטראָגען אין דעם זשאַרגאָן, ער איז געוואָרען דער מאפו פון אונזער „מאַמע לשון". ער האָט זי געקניצט און געפיילט, גערייניגט און אויסגעגלייכט און איז געוואָרען דער שעפער פון היינטיגען זשאַרגאָן. און דאָס איז דער גרויסער חילוק פון אבראמאוויצען און די פוסטע מליצה־שרייבער, וואָס היפען אריבער פיוט און קעמען די בערדליך. מיט די אייגענע חסרונות ווי זיי האָט ער זיך גענומען צו דער פעדער, אבער בשעת ער האָט די פעדער אוועקגעלעגט, איז אויך געלעגען א ווערק, אין וועלכען עס האָט זיך ביי אלע פעהלערן אָבגעשפיגעלט א דערשלאָגען פאלק, אין דעם שפיגעל פון אַ גערייניגטער אידעלער פאָלקסשפראַכע.

---

II.

אויף גרויסע ירידען, וואו עס פאַהרען זיך צונויף פויערים פון דער גאַנצער סביבה, זעהט מען אַמאָל אַ בילד ווי א גבר מיט א גבר האַלטען א מלחמה צווישען

זיך. און אז זיי קומען אריין אין התלהבות, האפט איינער פון זיי א קעלביל פאר א פיס, דער אנדער׳ער א יונגען באק און מען פאכט זיך ארום מיט זיי מיט גרויס היטין און עקשנות. דעם שוואכען דור פון די משכילים, און ווילכען ש. א. איז געבאָר׳ען געווארען, האט געפעהלט דאס קעלביל, מיט וואס זיך צופאכען אקעגען די „טאטעס״ מיט די בעק אין די הענד. דאס אלטע יודישע וועלטיל האט זיי אבגעעקעלט. זיי האבען אבער ניט געהאט קיין קלאר בילד פון א אנדערע וועלט מיט אנדערע פיהרונגען, וועלכע זיי זאלען קענען אויסשטעלען אקעגען די אלטע וועלט מיט איהרע הנהגות. די גרעסטע פון יענעם דור, ריב״ל, מאפו. גינזבורג, ערטער און אנדערע האבען, ווי ארענטליכע בעלי־עגלות שטילערהייט אין פאמעליך געקאר׳עוועט דעם עולם, אבער קיינער פון זיי האט זיך ניט דערוועגט איהם א שלעפ צו טהון ביי דער צופרינע. זיי האבען אליין פחד געהאט פאר די נייע ניט בעטרעטענע וועגען, און דער שטה, וואס זיי האבען נעדעהען, איז געלעגען ביי זיי אונטער׳ן נאז. דאס איז געווען א עס־לא־יגע, קליינע שיסערס וועלכע דאס לעבען האט זיי אריינגעיאגט אין די ענגע ד׳ אמות. און אין די פיער איילען האבען זיי זיך געגראבען און זיך געגראבען און זיך פערטיפט אין דעם שכל פון איטליך זעמדעלע, וואס איז געלעגען אין זייער שטה. קליינע מענשעליך גיבען זיך אב מיט קליינע מלאכות, און די נאהענטסטע סבות נעהמען זיי אן פאר די הויפט־סבות פון לעבען. די בעלי טאקסעס און די קהל׳ס לייט זענען ביי זיי געווען די הויפט סבות פון יודישען ארימען לעבען, דער גאנצער אבערגלויבען ביין פאלק נעהמט זיך לויט זייערע השגות דערפון, וואס דאס פאלק איז דערווייטערט פון פראסטען פשט אין דער תורה, און קען ניט דעם לשון פון תנ״ך, און ווי באלד די יודען וועלען אראבוואַרפען פון זיך די לאנגע בגדים און די פאות, וועלען רעדען די שפראך פון זייער רעגירונגסלאנד, וועט ממילא, מיינען זיי צוקראכען ווערען די שנאה אקעגען זיי און עס וועט זיך אנהויבען פאר זיי א לעבען ווי אין א גן־עדן. דאס איז געווען א דור פון פעדאנטען, ד. ה. פון מענשען וואס לעבען לויט פריהער בעשטימטע קליינטשקע כללים׳ליך, און בעניצען זיך מיט זיי ביי איטליכער נארישקייט. און קענען ניט אונטערשיידען דעם פרט פון דעם כלל. ביי יעדער קלייניגקייט פלעגען זיי ברייגנען צושלעפען די שווערע כלי־זין פון די השכלה־פילאזאפיע, און ווען א משכיל האט אין „עלינו לשבח״ ניט אויסגעשפיט, זאלט איהר ווייסען, אז ער האט וועגען דעם פריהער א יאהר געטראכט, א האלב יאהר זיך נאך ניט דערוועגט ניט אויסצושפייען, און איצט וועט ער אייך שוין ברענגען טוזענד ראיות פון תלמוד, מדרשים און די ראשונים, אז מען דארף ניט אויסשפייען און וועט זיך שוין מקריב זיין אזוי ווייט, ביז עס וועט ווערען א שטיקל מהלוקה צווישען איהם און שווער און שוויגער. נאר אזוי ווי דער משכיל איז ניט געווען קיין גרויסער גבור, פלעגט ער זיינע גאנצע כוחות נור אנווענדען אויף הרבצופיהרען זיינע אלגעמיינע כללים פון משכיל׳שען לעבען אין קלייניגקייטען און נארישקייטען, און אויסקעמען דאס בעררדיל און אונטערקירצען א קאפעלע די פאות.

דעם שוואכען דור פון משכילים האט געפעהלט דאס קעלביל, מיט וואס ער זאל זיך קענען פאכען קעגען די טאטעס. און דעריבער קענען מיר ניט פערלאנגען

פֿון אבראמאוויצען, וועלכער איז אויפֿגעוואַקסען אין אזא פֿערהלשטער סביבה, אז ער זאָל אַרויס קענען די סתירות פֿון יודישען לעבען מיט אַ הויך קול און מיט אַ כח פֿון אַ נביא, וואָס פֿיהלט זיך געהויבען דורך די אינעווענינסטע קראַפֿט פֿון שטאַרקע נייע אידעאַלען. מיר קענען ניט פֿערלאַנגען פֿון איהם, אַז ער זאָל זיין אַ גוטער ארכי־טעקטאָר. בעת דאָס לעבען האָט איהם איינגעשפּאַרט אין ד׳ אמות, און אַליין איז עס צופֿאַלען פֿאַר איהם אין טויזענדער קליינע חלקים.

ניט מיט די אויגען פֿון אַ אסטראָנאָמען, וואָס זיצט אויף אַ הויכען טהורם און האָט נור צו טהון מיט גאַנצע וועלטען — האָט געקוקט אבראמאוויץ אויף דאָס לעבען... ער איז געוועזען אַ קינד פֿון אַ דור, וואָס האָט אָנגעקוואָלען פֿון חשבון העבור, פֿון אסטראָנאָמיע, וואָס האָט געהאַלטען זיינערמאַכעריי פֿאַר די איידעלסטע מלאכה און וואָס האָט אָבער גלייכצייטיג געהאַט די קורצזיכטיגע ראיה פֿון אַ באָטאַניקער, וועלכער רייסט אַרויס אַ קליין גרעזיל און האָט אייביג צו טהון מיט פּיצעליך, פּיצעליך, מיט עטליכע לעבענסקעמעדליך. איטליך פּיצעלע פֿאַרשט אבראמאוויץ אויס מיט אַ גענויאיגקייט פֿון אַ משכיל, וועלכער האָט ליעב דקדוק און מאטעמאטיקע, אָבער סוף כל סוף זענען די פּיצעליך פֿאַרט ניט צוזאַמענגעוואַקסען אין איין געביי. אום צו זעהען אין די האַלבטונקעלע נעבעט דעם גאַנג פֿון גאַנצע וועלטען, מוז מען צום באָטאַניקער נאָך זיין אַ שטיקל אסטראָנאָם...

ווען מען בעטראַכט פּיצעליך, פּיצעליך מיט די אויגען פֿון אַ באָטאַניקער, וואָס קווועלט אָן פֿון מאַטעמאַטיק און דקדוק און וואָס בעמיהט זיך אַנצוווענדען דערביי זיין מאַטעמאַטישען שכל, מוז מען קומען דערצו, אַז איטליך פּיצעלע קריגט אַ דאָפּעלטע בעדייטונג, צוויי פֿערשידענע טייטשען. דער מאַטעמאַטישער שכל הישר, האָט פֿערלאַנגט פֿון די משכילים אין איטליכען פּרט צו זעהען דעם כלל; נאָר זייער ענגע קליינשטעדטילדיגעס לעבען האָט זיי געוויזען צו ווענינ פּרטים, אַז זיי זאָלען קענען אַרויסקריגען דעם כלל. די בילדונג זייערע האָט זיי געהייסען אויפֿפּאַסען דאָס לעבען אין אַלגעמיינע כללים, דאָס ענגע לעבען זייער׳ס אָבער האָט זיי געצוואונגען גענוי צו שטודירען די איינצעלנע געשעהענישען פון לעבען, די פּרטים, און די סתירה צווישען די שטרעבונגען פֿון זייער השכלה־פֿילאָזאָפֿיע און דעם לעבען דאָט געבראַכט דערצו, דאָס זיי זענען געבליעבען קרח מכאן וקרח מכאן: די פּרטים פֿון לעבען האָבען זיי ניט געקענט בעגעהמען קלאָר און דייטליך אין דעם כלל. דאָס געזעין פֿאַר וועלכע די פּרטים טהון זיך בויען איז אַרויס ביי זיי אַ געקינצעלטער, אַ שטיק פּלפּול, אַ אויסגעמאַטערטע סברה, וואָס האָט בעוויזען זייער חריפות, אָבער ניט די בקיאות פֿון די לעבענס־פּרטים.

און דערין געפֿינען מיר דעם טעם, פֿאַר וואָס ש. י. אבראמאוויץ, דעם גרעסטען און איינציגען קינסטלער פֿון דער השכלה־צייט, האָט זיך ניט איינגעגעבען קיין איינ־ציגע געשטאַלט, פֿאַר וואָס ער האָט אונז ניט געשילדערט איינצעלנע טיפּען, פּרטים פֿון יודישען כלל, פֿאַרוואָס זיינע געשטאַלטען וואַרפֿען אַריין אין זייערע יעדע רמזים׳ליך און רעדען מיט אַזא לשון, וואָס קען האָבען עטליכע טייטשען, פֿאַר וואָס זיין איינ־ציגע געשטאַלט, צו וועלכער ער קעהרט זיך צוריק אין אָנהויב פֿון איטליכען ספר,

ר׳ מענדעלי, איז געצייכענט געוואָרען פֿון איהם מיט אינקלאַרע ליניען, האָט פֿערציג פנימ׳ער און זעהט אויס ווי אַ בריאה אָהן ביינער, ווי אַ מענש ביי דער נאַכט פֿאַר דער לבנה. דעריבער האָט אונז פֿון איין זייט ש. י. א. ניט געשילדערט קיין איינציגע פֿאַרטיגע אבגעטאַקטע פיגור, און פֿון דער אַנדערער זייט האָט ער אונז מיט אַ שאַרף אויג געשילדערט דאָס לעבען פֿון דער יודישער מאַסע, פֿון דעם יודישען כלל, די יו־דישקייט. אין קיין ווערק פֿון אבראַמאָוויטשען געפֿינט איהר ניט קיין איינציגען גאַנצען יודען. דערפֿאַר אָבער זעהט מען אין איטליכען בּריקיל פֿון זיינע יודישע געשטאַלטען אַרויסשיינען די נשמה פֿון דער גאַנצער יודישקייט. דער גרויסער חסרון פֿון דער השכלה, וואָס האָט געהינקען צווישען כלל ופרט. האָט אויף די געבענטשטע נשמה פֿון אבראַמאָוויטשען געמאַכט אַ וואונדערליכע ווירקונג: אנשטאַט צו געבען קלאַרע יודישע טיפּען, איז ער געוואָרען דער שילדערער פֿון דער יודישער עדה, ער האָט אונז ניט געקענט געבען איינצעלנע געשטאַלטען, אָבער דערפֿאַר האָט ער אונז אַ גאַנצע עדה יודען געגעבען, ער האָט אונז ענטפּלעקט די יודישע נשמה ווי זי דריקט זיך אויס ביי׳ן גאַנצען פֿאָלק אויף אַמאָל און ער האָט אונז זי אַנגעבאָטען ניט ווי אַ דעקער־קינסטלער אין איינצעלנע טיפּען, נאָר ווי אַ גרויסער אָגילניק, וואָס וואַרפֿט זיך ארום מיט צעהנדליגער נשמות אויף אַמאָל. געמאָלט אָבער האָט ער אונז דאָס אין איינצעלנע מענשליכע גופים. און עס איז אַ רחמנות צו זעהען, ווי די אָרימע גופים זענען ניט אימשטאַנד אויסצוהאַלטען די יוהגיות פֿון אַ גאַנצער עדה יודען...

---

III.

זי, די אומות העולם האַלטען זעהר שטאַרק פֿון יודישע פיש און אַ יודישען ווייַן. נעהמט אַריין אין די הענד זייערע הויצבלעטער און איהר וועט שטענדיג געפֿינען אַ ווערטיל, אַ מוקול, וואָס איז בעשאַפֿען געוואָרען איבּ׳ן ווילנער שולהויף אָדער אין אַ יודיש באַד. קיין פֿאָלק געדענקט ניט אזוי לאַנג זיינע שעה־קע פייפֿערס, מאַטקע־הב״ד׳ס און הערישעלע טערעספאלערס, ווי די כנסת ישראל. אַ וויץ, אַ גלייכווערטיל שפּיעלט ביי אונז יודען אַ גרויסע ראָלע, מיט אַ גלייכווערטיל שטופּט א יוד אָב אַ לאַנגען תענית, און אז עס קומען זיך צונויף צוויי יודען, וועט דאָס שוין ניט אויסגעהן אָהן אַ גלייכווערטיל.

פֿון וואַנען האָט זיך גענומען ביי אונז אָט די דאָזיגע מדה, וואָס שטעהט אפילו ניט אין דער תוכחה? צי איז דער „יודען־וויין“ אויך אַזאַ מין „גלות־בלימיל“ וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צו אונז, ווי פֿאַרצייטען די געלע לאַטע? אָדער צי האָבען מיר דאָס בירושה פֿון אונזערע אבות אבותינו? דאַכט זיך די לעצטע האָבען זיך קיינ־מאָל ניט געוויצעלט!

דעם ריכטיגען טעם דערפֿון, פֿון וואַנען דער יוד איז געוואָרען אַזאַ פּקח, בין איך ערשט דערגאַנגען ביי׳ן גרינדליכען שטודירען פֿון אבראַמאָוויטשעס ווערק. ער רעדט אפילו ניט אין ערגיץ דערפֿון. אָבער דער וועלכער האָט געהאַפּט דעם טיעפֿען גייסט

פון זיינע ווערק, וועט שוין ממילא פערשטעהען, פאר וואָס דער יוד איז געוואָרען אַזאַ ווייצלינג רחמנא לצלן.

ערשטענס זעהען מיר ביי דער עדה יודען, וואָס שילדערט אונז אבראמאָוויץ, ווי דער דלות פייפט אין אַלע שפּאַלטען. די יודישע אָרימקייט האָט עפּיס ביי איהם אַ וואונדערליך פנים, מען קען גאָר ניט געפינען קיין משל דערצו. דאס איז ניט די אָרימקייט פון די גרויסע אייראָפּעאישע שטעדט, מען קען זי אויך ניט פערגלייכען מיט דער אָרימקייט פון רוסישען פויער. די אָרימע־לייט אין די גרויסע שטעדט זענען געוועהנטליך געפאַלענע אַרבייטער, מענשען וואָס די פאַבריק האָט זיי אַרויסגעוואָרפען ווי הובעלשפּענער. פערלאָזענע, שוואַכע, שכורים, אָבפאַל פון דער געזעלשאַפט, וועלכע שטאַרבט ניט לאָזענדיג נאָך זיך אַ דור. און די איבערגעבליעבענע קראַפט זייערע נוצען אויס שווייצ־וואַרשטאַטען, בעלי הבתים פון בעהאַלטענע טרפה׳נע עסקים׳ליך א. ד. ג. די יודישע אָרימקייט הויבט ניט אָן צו וויסען ווי אַ פאַבריק זעהט אויס; זי לעבט אין די קליינע שטעדטליך און איין אָרימע קהילות, פרוכפערט זיך און מעהרט זיך אין שטאַמט אַליין אָב פון טאַטעס און זיידעס, וועלכע זענען אויך געווען אָרימע לייט. די אייגענע פינסטערע אביונים. דער רוסישער פויער איז ביי זיין אָרימקייט פאָרט אַ בעל־הבית אויף אַ שטיקיל ערד. און זיין נויט איז ניט קיין אייביגע; מען פיהלט, אַז פריהער אָדער שפּעטער מוז זיך זיין מצב בעסערען. עס זאָרגט פאַר איהם אַ רעגירונג, דאָס לאַנד אַליין איז פעראינטערעסירט אין דעם צו פערקלענען די אָרימקייט פון פויער. יודישע אָרימקייט איז אָבער גאָר אָהן אַ תרופה. דער יוד האָט ניט קיין מיטלען זיך אַרויסצוהעלפען פון דער נויט און כל־זמן ער וועט לעבען אונטער פרעמדע פעלקער איז ניטאָ קיין מיטעל צו זיין שרעקליכער אָרימקייט. לעבען לעבט ער ווי אַ שטאָדט־מענש אין שטעדטעליך און דערפער, וואו דאָס לעבען האָט איהם גער געדאַרפט דערנעהערען צו דער ערד און צו דער נאַטור, און הונגערט ער ווי אַ פויער אין דאָרף, בשעת די פעלדער זענען ניט געדראָשען.

צווייטענס, היט די עדה יודען אַ וואונדערליכען עבר. זי טראָגט זיך אַרום מיט אַ צוויי־טויזענד־יאָהריגער געשיכטע, לעבט מיט דעם גייסט פון די זיידעס און געהט אין די דרכים פון פאַרצייטיגע דורות. זי איז אָבגעזונדערט פון דער אַרומעדיגער וועלט, ווי אַ אינזעל אויפ׳ן גרויסען ים, און דאָס וואָס געהט פאָר אין דעם לאַנד, וואו זי וואָהנט, דערגרייכט איהר ניט ביז צו די קנעכליך. די מענשען פון דער עדה זענען צונויפגעבונדען און אויפגעקייטעלט מיט איינאַנדער, און וויל איינער פון זיי אַוועקגעהען, בלייבט איהם ניט אנדערש איבריג, ווי זיך אַריינצוּוואַרפען אין די חוואַליעס פון ים, וואָס וועלען איהם שוין אויף אייביג פערטראָגען פון דער יודישער וועלט.

דער צובונד צום טויטען עבר, די אָרימקייט און די אָבגעזונדערקייט פון דער לעבענדיגער וועלט האָט זיי, דריטענס, געמאַכט פאַר נזירים, האָט אויפגעהאָדעוועט אין זייערע הערצער אַ פעראַכטונג צו די תענוגים פון דער וועלט. זיי לעבען מיט דעם אייביגען פּחד ניט אָבצוטרעטען חלילה פון דעם ענגען שטייגיל, וואָס האָבען זיי אָנגעוויזען די קדמונים, און זאָגען זיך אָב אפילו פון אַזעלכע תענוגים, וואָס לויט דעם דין נאָך מעג מען זיך ערלויבען. זיי בויען אַ צים אויף אַ צים, און בויען אַליין ענ־

גערע שטייגען פאר די צאפּעלדיגע נשמה, זיי פערגראבען זייערע חושים און בענוצען זיי אזוי ווייט, ווי עס איז נויטהיג אבצופּטר׳ן דאס שטיקל חושך׳דיג לעבען. זיי האבען נור א אויער איף צו הערען דעם בעל־קורא, א אויג אויף מגיה צו זיין א מזוזה׳לע, א ספר־תורה, א קול אויף צו שרייען „שמע ישראל“.

דערביי האט זיך די עדה יודען א וואונדערליך אלטע קולטור. אין שולען און בתי־מדרשים הערט ניט אויף צו הילכען דער קול פון דעם מתמיד. אין צוגעסענע שאפען שטעהען צעהנדליגער אלטע גרויסע ספרים מיט צוריסענע טאוולען און צוד קנייצטע פערשמירטע בלעטער, א גאנצע מהנה ספרים בעשטימען איטליכען טריט פון דער עדה יודען, ביי דער גמרא שארפט זי דעם קאפ, ביי די מוסר־ספרים דערוואַרעמט זי דאס האַרץ און די מדרשים און דער זוהר מאכען פול די פינסטערע נשמה מיט ליכטיגע חלומות.

גלייכצייטיג מיט די נזירות טראגט זיך אַרום די עדה יודען מיט צווי געדאנקען פון א אייביגען לעבען. די איז מאמין באמונה, אז זי די עדה, איז טאקע דער צימעס פון דער וועלט, און אז דאס יודיש פאלק וועט קיינמאל ניט אונטערגעהען. זי האט א פעסטען גלויבען אז נאכ׳ן טויט קריגט זיך יעדער יוד א חלק לעולם הבא און צו תחית־המתים וועט ער אויפשטעהען צו א אייביגען לעבען.

זיי פעראַכטען די תענוגים פון לעבען און פערגעטערען דעם תנ״ך, אין וועלכען עס לעבט א פאלק, וואס האט פיינד נזירות און זוגט איין דאס לעבען מיט אלע פינף חושים. זיי האלטען זיך פאר אתהי־בחרתנו׳קעס און לעבען ערגער ווי די הינד, זיי גלויבען אין א אייביגען לעבען נאכ׳ן טויט, און זייערע אידעאלען סטייען נור אזוי ווייט אויף התונה צו מאכען זיהן און טעכטער, אנצוגרייטען א זעקעלע ארץ־ישראל ערד און לייוונד אויף תכריכים. זיי חלומ׳ן פון א אייביג לעבען, און זייערע דאגות הויבען זיך אן און ענדיגען זיך מיט דאגות פרנסה, מיט פאמיליען־דאגות. „דאס אייביגע פאלק“ אין אבראמאוויצעס עדה יודען לעבט פון פעדערען פליקען און פון צושטעלען כלי־קודש פאר די גליפסקער שולען, שטאַרבט דריי מאל א טאג פאר הונגער און קוים וואס דערלעבט צו זעהען דורכצופאהרען א פרייך. ביי וועמען מען וועט קענען פערדיענען א קערביל. מיט די פאַרגעדאַנקען פון אַ אייביגען קיום האט זיך אָבער דער מאגען ניט געקענט בעגנוגענען. אין מדבר זענען די נזירים ניט אוועק, און דער דאַרער גוף זייערער האט זיך דאך גענומען א פעסטען הסכם זיך צושיידען פון דער זינדיגער וועלט וואס שפעטער, ווי מעגליך. א אבגעזונדערטער מיט פערשלאַפענע פערשטויבטע חושים, איז דעם נזיר נור געבליבען אַ מה, וואָס קלערט און אַקערט און גראָבט. כדי ווי עס איז האָטש צו דערהאַלטען דעם גוף, איז מעהר ניט געבליבען איין מיטעל: צושאַרפען און שפּיצען דעם מה אזוי ווייט, אַז ער זאל קענען זיך בעשאַפען אַזעלכע מהיות, וואָס קיין בעשעפעניש פון אַ אַנדער פאלק קען שוין דאָס גאָר מיט׳ן שכל ניט בענעהמען.

די אָרימקייט, אָבגעזונדערקייט, די פעראַכטונג צו די ריינע תענוגים פון לעבען, דער בטחון אויף א אייביגען קיום פון דערשלאַגען יודיש פאלק און איטליכען יודעלע בעזונדער, די אונטערדריקטע חושים און דער שאַרף שפּיציג מה׳ל, אַלע די דאזיגע

סבות האבען בעשאפען א עדה יודען, וואס לעבט אין אייביגע מלחמות מיט זיך און איהרע נעפיהלען, וואס איז זיך סותר אויף איטליכען טריט און וואס האט געוויזען דער וועלט א בילד פון א פאלק, וואס איז אינערליך און אויסענווייניג א משונה־ווילדע לאגישע סתירה. אבער נאך איידער די וועלט האט דאס דערזעהען און פער־שטאנען, האט דער יוד מיט זיין שפיציג מוח׳ל דאס אליין אנגעהויבען צו פיהלען. און ווי באלד ער האט דאס דערשפירט, זענען איהם נור געבליבען צוויי וועגען, ווי דאס ארויסצוגעבען. וואלטען נור געווען ביי איהם די חושים פריש, וואלט ער ווי א פערצוויפעלטער מיט פערביסענע ליפען זיך גענומען אריינברייגגען מעהר זין, מעהר שכל אין זיין צומישטען לעבען, ער וואלט דורכגעבראכען דאס ענגע שטייגיל, ער וואלט זיך בעשאפען עפיס א אידעאל אויף לעבען און טויט צו שטרייטען פאר איהם. ביי אבגעשטארבענע חושים אבער בלייבט מעהר ניט דער זעכסטער חוש פון שארף־שפיציגען מח׳ל, וואס שפעט און לאכט, בעת ער בעמערקט לאגישע סתירות. און אין דעם יודישען פאלקס־גייסט האט זיך בעזעצט דער קונדס, דער אבלאבער, דער אבר־שפעטער. שעיה׳קע פיפער און מאטקע חב״ד זענען פאר דעם קריטיקער פון יודי־שען לעבען ניט מינדער אינטערעסאנטע יודישע העלדען, ווי דער משורר פון דער־יודישער גאס אדם הכהן לעבענזאהן.

א שארף־שפיציג מח׳ל, וואס באמבעלט זיך אויף א טויטען גוף, דער־פיהלט די שמערצען פון לעבען, ווי דורך א חלום; דורכגעהענדיג דורך פערשטויבטע חושים, שלאגען זיך די שמערצען אב אין געמיטה ווי א ווייטער אבקלאנג, ווי א שוואכער אב־שיין פון א בליץ אהן א דונער. פרויען און קינדער, וואס נעהמען אויף די טרויריגע און פרעהליכע געשעהענישען אין לעבען מיט ווייניגער חריפות, אבער מיט מעהר הארץ, זענען ניט מסוגל צו מאכען א וויין, פערשטעהען כמעט ניט די מאנסבילשע גלייכ־גילטיגקייט — וויערטליך. א ישיבה־בחור אונטער׳ן אויבען, וואס נארט אב זיין גוף מיט א עק פון א הערינג, איז מעהר מסוגל אבצושפעטען פון לעבען, ווי דער יוסטער בעל־הבית און דער פערנומענער סוחר. אלטע לייט, לאנג אונטערדריקטע פעלקער, מענשען וואס דאס לעבען האט זיי אבגעשטויסען פון זיך און וואס ביי זיי איז הירך דעם פערהלש׳ט געווארען די נאטירליכע חושים — הויבען זיך אן צו וויצלען און חוזק צו מאכען פון די טרויריגסטע און הייליגסטע זאכען. אין יודישען וויץ הערט זיך די פערצווייפלונג צו זיך אליין, הערט זיך דער קול פון א פאלק, וואס האט פערלארען דאס שייכות צום קאכענדיגען און רוישענדיגען לעבען. אין יודישען געשפעט הערט זיך דער בטול הייט פון א מענשען, וואס האט קיינמאל קיין גוטס ניט גענאסען, דער שלאפער יאוש פון א פאלק, וואס זיין לעבען איז געווארען א אייביגע סתירה, א אייביגעס גלייכגילטיגקייט, גוט נור אויף אבצוחוזק׳ן דערפון.

נאך איידער ר׳ מענדעלע ברייגגט א מתנה פאר יודישע קינדער, „דאס ווינשפינגעריל״, לאכט ער שוין אב פון זיין אייגענער מתנה און שרייט: „מזל טוב, מזל טוב אייך, קאבצאנסקער יודען״. איטליכע הקדמה זיינע איז דורכגעזאפט מיט דעם יודישען וויץ. און איבער זיינע ווערק שוועבט א אטמאספערע פון שפעטערייען.

„די יודישע פאמיליע״, I. העפט 2.

אבראמאָוויץ איז נעגאַנגען דורך זיינע עדה יודען מיט אַ אַפּענעם בליק, וואָס ענט־פּלעקט אַלע די נאַרישע סתירות פון זייערע נשמות און איטליכען פּעלדיל פון זייער אויסענווענינסטען מענשען. שוין דאָס אַליין, וואָס ר׳ מענדעלע שלעפּט זיך אַרום מיט אַ פערדיל אין אַ שענעם זומערטאָג אָנגעטהון אין טלית און תפילין צווישען הויכע קאָרנפעלדער, פּאַסט אַ לאַנגען תענית און פּערקוקט זיך דערביי אַלע ווילע אויף גאָט׳ס שען וועלטיל; שוין דאָס אַליין, וואָס גאָט׳ס שען וועלטיל שפּיגעלט זיך אָב אין אַזאַ אויסערליך ברודנער נשמה, ווי אין דעם ברידנעם ר׳ מענדעלע, — בעווייזט ווי אין איטליכער בעוועגונג פון אַ טונעיאַדעווקער יודען גלאַצען אַרויס די טויזענדער סתירות פון זיין לעבען.

דער ענגער פּלאַץ, וואָס קען פּערנעהמען מיין אַרטיקעל איבער אַבראַמאָוויצען, דערלויבט מיר ניט אנצופיהרען שטעלען פון זיינע ווערק, איך וואָלט געמוזט אפשר אַ העלפט פון זיינע ביכער אָבשרייבען, כדי מיט ציטאַטען צו בעווייזען די ריכטיגקייט פון מיינע ווערטער. מיין וואונש איז נור דער, אז דער לעזער זאָל זיך אַליין נעהמען צו אבראַמאָוויצעס ווערק און זאָל זיך אַליין פערטיעפען אין דעם גייסט פון די מענשען, וועלכע ער שילדערט אונז מיט אזא קונציגער האַנד.

דערווייל האָבען מיר געזעהען, פון וועלכען מקור עס האָבען זיך גענומען די הויפּט הסרונות פון אַבראַמאָוויצעס ווערק, מיר האָבען געזעהען, ווי די הסרונות האָבען זיך ביי איהם, כמעט דעם איינציגען גרויסען טאַלענט פון דער השכלה־צייט, פערוואַנדעלט אין אַ מיטעל, כדי טיעפער איינצודרינגען אין גייסט פון זיין צייט און זיין פאָלק. דער פערשטעלטער משכיל איז ניט געבליבען ביי די ד׳ אמות פון זיינע רבנים, אין דער קליאַטשע האָט ער די אויסגעלאַכט און געוויזען דעם ענגען שטח, אין וועלכען זיי לעבען. ער איז אָבער ניט אימשטאַנד געווען אַרויסצוגעהען מיט אַ נייער תורה, מיט אַ נייעם אידעאַל. ער איז פאַרט געבאָרען געוואָרען אָהן אַ שטאַרקען קול און אין אַ ענגער וועלט. מיר האָבען געזעהען, ווי דער תלמיד פון די מליצה־שרייבערס האָט אונז איסגעגלעט און פּעראיידעלט דאָס מאַמע־לשון, און איז געוואָרען דער שעפּפער פון היינטיגען זשאַרגאָן.

מיר האָבען געזעהען ווי דער קינסטלער ש. א., וועלכער צו אַנדערע צייטען וואָלט אונז אפשר געשילדערט איינצעלנע יודישע געשטאַלטען, קלאָרע טיפּען, איז געוואָרען דער פאָעט פון דער יודישער עדה, פון יודישען כלל אויף אַמאָל.

לסוף, האָבען מיר זיך בעמיהט צו ווייזען די בעהאַלטענע קוועלען פון וואָגען אבראַמאָוויץ האָט געשעפּט זיין קאַלטען וויץ, וואָס שטויסט אָב אָפט פון זיך אַ מענשען מיט נאַטירליכע געפיהלען. אין דעם דאָזיגען וויץ, מען רופט דאָס אויך סאַטירע, שפּיגלען זיך אָב די טרויריגע סתירות פון יודישען לעבען, עס שטעקט אין איהם אַ שטיק טראַגעדיע פון יודישען פאָלק און ער רעדט מיט אונז אַ לשון פון „אוי מה היה לנו״. אין אַבראַמאָוויץ׳ס סאַטירע הערט זיך אַ קאַלטער יאוש און אַ דערשלאָגען נעמיט פון אַ פאָלק, ביי וועמען עס זענען אָבגעשטאָרבען די נאַטירליכע געפיהלען.

אין די ווייטערדיגע קאפּיטלען וועלען די לעצטע צוויי פּינקטען נאָך דייטליכער דערקלערט ווערען, דענמאָלסט בעת מיר וועלען זיך פּערטיעפען אין די בעסטע ווערק פון ש. י. א., אין זיין פישקע דעם קרומען און זיין „ווינשפינגערל", בעת מיר וועלען גענויער בעקאַנט ווערען מיט די כמעט איינציגע, בעגלויביגסטע און עהרליכסטע עדות פון דער פּארצייטיגער יודישער וועלט.

(ענדע קומט).

# ראשחודש.

איך וועל אייך מאכען א סורפריז—איין איבעראשונג...

אייפ׳ן אָרט פֿון א שווערער, טיעפֿער און א ביטערער בראָניק, פֿון וועלכער מילך־ווערט געריננען אין טאָג, פֿון וויין ווערט עסיג און פֿלאָש און פֿון בלוט אין די אָדערן ווע־רען שטעכענדיגע שפּילקים,—וועל איך אייך געבען—טרעפֿט וואָס?

א לעבענדיגע סצענע וואָס האָט זיך אָבגעשפּיעלט אין אונזער רעדאַקציע.

די פּערזאָנען: א י ך און דער רעדאַקטאָר; פּ א ר ד אָ ן — דער ר ע ד א ק־ט אָ ר און א י ך...

איך בין אייך נישט מחויב פֿ א ר צ ו ש ט ע ל ע ן די פּערזאָנען,—איהר קענט מיך, דעם רעדאַקטאָר אַוודאי...

ע ר ש ט ע נ ס — שרייבט ער (די נעפּעהרליכסטע קאָנקורענץ פֿאַר שרייבער), צ ו ו י י ט ע נ ס — קוקט ער אַרויס פֿון יעדער שורה, פֿון יעדען וואָרט מיט שער און בליישטיפֿט...

דאַרף איך אייך זאָגען, אז כאַראַקטעריזירט זעגען מיר: ע ר אלס יצר־טוב, שטיל און ערנסט, טיעפֿע טרויעריג־פּייכטע אויגען און צום רימעל — צוויי ווייסע, שניי־ווייסע פֿליגעל... א ז ו י זעהט מען איהם די פֿליגעל נישט אָן, נאָר „סאָב־נאָ־סאָס" אין רעדאַק־ציע, אין א זומער טאָג, אַז ער טהוט אויס די מאַרינאַרקע (די בעריהמטע היסטאָרישע מאַרינאַרקע) קומען די פֿליגעל אַרויס בולט. א י ך ווייטער — אלס יצר־הרע פֿון לאַבען, בקיצור געזאָגט אלס „חוזק", נאָר. השלומים, נישט גלאַט חוזק—מיט א פֿ י ל אָ ז אָ פֿ י ש ע ן באָוס...

אויפֿ׳ן אָרט פֿון שער און בליישטיפֿט, קומט דער יצר־טוב אריין מיט א פּאַק צייטונגען אלס מאַטעריאַל צו ראש־חודש (שטרוי ניט ע ר!) א י ך — שפּיעל מיך מיט מיין פּער׳כשיפ׳ט שפּיגעלע, א מתנה פֿון א נעהאָנגענעם כשוף־מאַכער, אין וועלכען (דאָס שפּיגעלע מיין איך) עס קומט אַלץ אַרויס ק א פּ ו י ר...

נאַטירליך קוק איך אין שפּיגעלע אריין און לאַך: דער רעדאַקטאָר בעט זיך; זייט ערנסט!

און ער נעמט צו מיר צו, שטרייכעלט מיר מיט׳ן עק פֿון ווייסען פֿליגעל איבער׳ן קאָפּ און זאָגט:

— עס איז שוין צייט!

און איך פיהל, אז אונטער זיין ווייסען פלינגעל ציהען זיך אויס מאט און פערזיל־בערט מיין לעצט ביסיל נעקרייזעלטע שווארצע האהר... אין אלע רמ״ח איברים אין שס״ה גידין לייטערט זיך מיר דאס נעבליט און ווערט קלאר און שטיל, ווי דער סמבטיון לכבוד שבת... אין שטיל און רוהיג מאכען זיך מיר די אויגען צו, ווי צו א זיסען שלאף מיט נאך זיסערע חלומות... א דורכזיכטיג, נאר עפיס וואונדערליך טרויריג נעפעל נעמט מיך אין גאנצען ארום... און אין נעפעל, אין האלבען דרימעל הער איך זיינע ווייטערע רייד:

— און געדענק, דו ביזט א שרייבער! מיט עטליכע טויזענד יאהר צוריק וואלסט דו א נ ב י א געווען, וואלסט געמוזט זיין!

— און נביאים לאבען נישט! עס לאבען נור פ א ל ש ע נביאים, אראבגעשטויסענע מלאכים, דאס גיהינום לאבט!

— נביאים לאבען נישט! אין היילינען גרימצארן שפאלטען זיי פ ע ל ז ע ן, ברעכען זיי מ ו י ע ר ן, ווארפען זיי צ ע ד ע ר ן: אין שטילער נעטליכער ליעבע טרינקען זיי פער׳חלש׳טע מדבר־גרעזליך מיט ווארים בלוט פון הארץ, מיט הארצינע טרעהרען פון אויג...

— עס איז „ראש־חודש״, נישט „שטעדט און שטעדטליך״!

— עס איז א חודש לעבען, א חודש יודיש לעבען...

— ביזט שוואך און עסטעטיש, גראב דיך איין אין טארף, גראבעל נישט אין זומפ, רייס די גלות־בלומליך פון אויבען!

— עס וועט זיין נענוג צו פערטרייבען דעם ג ל י ק ל י כ ע ן שמייכעל פון התן־כלה אונטער דער חופה, ווי דעם חוזק פון מארשאליקס אויסגעאקערט פנים...

— אין י מ י ם נ ו ר א י ם, אין די שרעקליכסטע צייטען שטעלסט דו דיך פאר איין עדה יודען צום עמוד, דו ביזט זייער ש ל י ח ־ צ ב ו ר... א ש ל י ד ־ צ ב ו ר ביזט דו!

נאר ווי ער האט דעם „שליח־צבור״ דערמאנט — ווי מיט דער האנד אוועק גענומען!

דער נעפיל ארום מיר איז פערשוואונדען, די אויגען עפענען זיך, דאס שפינעלע בליצט און עס ווייזט מיר א „שליח צבור״ — מיין אלטען קליינשטעדטילדינען שליח־צבור...

א חנו׳דיג יודעלע, א קליינס, א דארס! אזוי — אויסנעמאטערט, אייננעטריקטע איי־נעליך צווי אפען גלאזטע פענסטערליך אין איין אלטער חורבה פון א פערגעסען הויז... ביים עמוד — לעבט ער! אויף קרומע היהנערשע־פיסליך טאנצט ער „ממעמקים״ נעגען די לייבען און הירשען אויפ׳ן אויסגעקראכענעם מזרח און א רענדיל פום קוקט ארויס פון א לאך אין אלטען זאק... די צו־גרויסע שיך קלאפען צו צום טאקט... די „הריני מלבית״ בעווייגט ער מיט א קנאקענדיגען פאלקאוואי מארש זכר־לשיפקא, אין „כי הנה־בחומר״ צוגיעסט ער זיך ווי א קליין קינד ביי דער מוטערס פארטוך אין א קליין־רוסישער „וויע־ציעריגא״ און צום פירים׳דיגען „שושנת־יעקב״ נעהט „יאנטעקס״ ליעד פון מאגישקעס דאלקא״!

איך לאך, לאבענדיג גיב איך א בלאז איפ'ן שפיגעלע, יענער שליח־צבור פער־שווינדט, עס בעוויזט זיך ד״ר ביק... נאר דער רעדאקטאר ריהרט זיך בעליידיגט אויפ'ן בענקיל...

— זיי ערנסט — זאגט ער שארפער ווי געוועהנליך — וויכטיגע ענינים!...

---

ער עפענט דאס פעקיל צייטונגען, עס בלענדען פערשיעדענפארביגע הילען... ער בלעטערט אומגעדולדיג, איך פערנעם א ווילע אן שפיגעלע, און עס מאכט זיך איין אנדער שמועס.

ער: מען האט אבגעצעהלט עלף מיליאן יודען... עס מוז זיין מעהר... א סך צו־פערן מיט פראגע צייכען...

איך: און וויפיעל אבאניערען דאס בלאט...

ער: וועניגער ווי עלף מיליאן (א העויה אויפ'ן פנים)... אסך אבאניערען, מעהר ווי אסך לעזען... נאך מעהר הערען זיך איין ווי אנדערע לעזען — נישט קשה...

איך: הם!

ער: בא!

ער האקט זיך אב, ער מישט ווייטער.

ער: א פאגראם אין גאליציען... פעלד־ארבייטער שטרייקען געגען די פריצים און שלאגען יודען...

איך: א נייעס! ווען דען זאלען זיי שלאגען? זאלען זיי אנריהרען א פריץ — הא־הא! פאליציי, מיליטער!...

ער: (האלב דערשראקען) אפילו אין ניו־יארק א פאגראם...

איך: ביי ר' יוסף'ס לויה...

ער: אהא! צופיעל יודיליך צוזאמענגעקומען...

איך: על כל פנים צו פיעל פאר אמעריקאנער דייטשען...

ער: און דאך האט דער גענעראל לעא, במעט אין נאמען פון קייזער, אפילו פון פאפסט געזאגט, אז אלע זענען גלייך...

איך: עס פרעהט זיך טאקי דער ווארשויער איזראעליט...

ער: דאך צו פיעל יודען מיט אמאל זענען געפעהרליך...

איך: אויך קיין נייעס; דאס האט שוין דער מדרש געוואוסט... „בני ישראל — זאגט ער — די קינדער פון ישראל — נמשלו — זענען געגליכען — לדגים — צו פיש, — מיינט מען: צו הערינג... שאספאן היא שחיטתן — וואו אסך יודען מיט אמאל שחט מען... מאנ־טאני אין לאנדאן וויל טאקי צושפייטען דעם לאנדאנער א'איינטעפיל און ציהען איבער גאנץ ענגלאנד... ווארשויער אבימילאט ארען ווייסען עס פון לאנג, אז צוויי טרעפען זיך אין א קריסטליך הויז — שטעהען זיי קיינמאל נישט צוזאמען, נאר יעדערער אין א בעזונ־דער ווינקעלע... זיי גריסען זיך אפילו נישט, קענען זיך נישט! בעמערקט נישט איינער און געהט נאהנט צו צום צווייטען — בעקומט ער א וואינק מיט א פינגער; וואנדער ווייטער...

ער: עס איז דאך נישט אזוי שלעכט...

דער סענאט פון בערלינער אוניווערזיטעט האט מ ס כ י ם געווען אויפ'ן יודישען נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ז ם; דערמיט, שרייבט דער „וואסהאָד" האט ער אויך מסכים געווען אויפ'ן ציוניזם...

א י ך: וואס דאַרף מען עס, אַז מען האט שוין א הכשר פון רבנים?

ע ר: ד"ר חאזאנאוויטש שיקט אַרוים צום בית־נאמן אין ירושלים א נייעם טראנס־פארט וויכטינע ספרים, זעלטענהייטען...

א י ך: בא! דער בית־נאמן אָבער,—זאגט מען—איז פערשריבען נישט אויף קהל, נאָר אויפ'ן נאָמען פון אַ פריוואט מענש... אפשר נאַך א סוחר... ער קען מיט דער צייט זאגען: עַלַי כתיב... אָדער באַנקראָטירען און די בעלי־חובות וועלען צוטרעטען...

ע ר: לאמיר האָפען, אַז דער נאציאָנאל־פאָנד וועט זיך שטאַרקען... מען וועט מיט געלד דאָרט אַלץ מאַכען, פערשרייבען אויף קהל...

א י ך: ירושלים־קהל? וועלען קומען די רבנים און וועלען זי פערמאַכען, ווי סטראשון'ס ביבליאָטהעק אין ווילנא...

דער רעדאקטאָר (דער יצר־טוב) ווערט גרין און געל, ער שטארקט זיך דאך אי זאָגט ווייטער:

— ד"ר הערצל איז שוין צוריק געקומען פון קאנסטאנטינאָפאָל...

א י ך: מיט ליידיגע הענד...

ע ר (אומגעדולדיג) נישט דאָס איז דער עיקר! דער עיקר איז, מען האלט אונז פאַר א צד, רעכט קאָנגרעס—פאַר א פאָליטישע אינסטיטוציע, דעם ד"ר הערצל — פאַר א נערעכטליכען פארשטעהער... מען אונטערהאנדעלט מיט אונז, במעט ווי א רעגירונג מיט א רעגירונג... דערצו זענען מיר שוין געקומען!

עס שטעקט דערינען א סך אֶמת, עס איז אפשר אין גאַנצען אמת, נאַר א רעדאַקטאָר טאָר מען קיינמאָל נישט רעכט געבען, איך האָב מיך איינגעשפאַרט און זאָג:

— עט! טערקישער אפעטיט צו די פאָר גראשען אין באַנק!

דער יצר־טוב—דער רעדאָקטאָר ווערט בלאַס, דער שמועס האקט זיך אָב אַ ווייל, איך וויל זיך צוריקנעמען צו מיין שפינעלע, איך פיהל איך האלט דאָרט עפּיס שענס געזעהען, נאַר ער רעדט ווייטער...

ע ר—זיפצט און רעדט: א וויסטע המאַרע געהט, איך פילען געהט זי... אַ וויסט אַרטיקעל אין נאָוואָיע ווערעמיא...

מען דאַרף—זאָגט די „נאַוואָיע ווערעמיא"—פערוועהרען, די יודען זאָלען אין פוילען קיין גיטער נישט קויפען...

א י ך: ביי פויערים קויפען טאָר מען שוין לאַנג נישט...

ע ר: ביי פריצים מיינט ער...

א י ך: מאַי טעמא?

ע ר: די יודען, זאָגט ער, קויפען איים אלע גיטער, פריצים בלייבען אָהן ערד...

א י ך: שקר — אַ קינד אין וויגע ווייסט, אז די גיטער אין יודישע הענד, ווערען אלע מאָל ווענינער—זיי צוגעהען ווי זאַלץ אין וואסער—

ער: בכלל דאס יודישע פערמעגען — —

איך: געוויס... תפלה עושה מחצה, פון „ורענו וכספנו" נאך דער הבדלה, ווערט מקוים דאס ערשטע...

ער: נישט שטענדיג דאס ערשטע...

איך: אויסער, וואו צוויי־און־דריי־קינדער ס׳שטעב...

ער: בא!...

איך: אלץ פאלט אב, בפרט ערד, וואס רוקט זיך אונז שטענדיג ארויס פון אונטער די פיס... און בפרט אין פוילען, וואו ערד און קלויסטער זענען גלייך היילינג...

ער! — עס, ביי פויערים אפשר! פויזנער פריצים פערקויפען די ניטער דער האקאטישער באנק...

איך: און דאך יאגט דער ווארשויער „איזראעליט" יודישע האקאטיסטען...

ער: אהן פאקטען...

איך: ווער דארף פאקטען? אבי מען רעדט... נאר דער איזראעליט, אז ער רעדט, מילא...

ער: אבער אז נאוואיע ווריעמיא רעדט...

איך: שקר?

ער: זאל זיין שקר, זי האט א דעה אין פמליא של מעלה... עס קען זיין א גזרה...

איך: געוויס...

נאר אויפ׳ן ארט פון זיפצען האב איך מיך צולאכט.

נישט געדנווילינג האב איך אין שפיגעלע אריינגעקוקט...

איך האב דעם חעלעמער רב דערזעהן!

נישט איינעם פון די היינטיגע פיער חעלעמער רבנים; די היינטיגע אלע פיער מיט אלע אליפי־חעלב צוזאמען זענען ווערט איין אויבגעבלאזען איי, איהר זאלט אפילו צולעגען דעם קאזאנע רב... זיי אלע האבען קיין דעה נישט...

איין אלטען „מאור הגדול" זעה איך...

אין א קאפטאן מיט סטראקים... בייזע ברעמען, שארפע אויגען, א הארטער ספאדעק מיט שטעבעדיגע האהר... א בארד ביז׳ן גארטעל...

א פאפיער ציטערט איהם אין דער האנד...

א פאפיער פון פוילישען סיים...

דער פוילישער סיים פערנט אן, צי וואלט נישט גלייך געוועזען יודען זאלען זיך אביסיל קאלאניזירען... וועניגער קרעמער וואלט נישט געשאדט... ערד וועט געבען דער סיים, וויפיעל מען דארף, וויפיעל מען וועט וועלען...

— היה לא תהיה! שרייט אויס דער חעלעמער רב, און ווארפט פריהער דאס פאפיער און דערנאך דעם ספאדעק אן דער ערד! פון יודען פויערים מאכען? און תורה ווער וועט לערנען?

און איך גיב א בלאז אין שפיגעלע אריין און זעה א נייע סצענע:

א ריינער, בלאָהער הימעל, א גילדענער זומער־טאָג... פעלר און וואלד בלענדען מיט טויזענדער העלע פאַרבען, — שארען לוסטיגע פויגעליך שווימען אין די לופטיגע ליכט־פאליעס און שניידען זיי דורך מיט געזאַנג... און אויפ'ן ברייטען טראַקט, ווי אין איין עמוד־ענן, פאָהרט א ברייט געעפענטע קארעטע מיט ווארשויער פערזאָנען... מען זעהט זיי אין די אויגען, אז זיי האָבען געלעזט די יודישע פראגע „על צד היותר טוב" — די גאַנצע גלאַנצען פול מיט נחת! זיי האָבען אין ציענכטעניעוו א שולע געעפענט, מען וועט יודישע קינדער ערד־ארבייט לערנען... מען וועט מיט דער צייט גיטער קויפען, פאַר־צעלירען...

אויס קליינע קרעמער! אויס הענדלער, פאַקטוירים, ליפט־שלינגער, מעקלער אין צירקיל ביי פאַספאָרטען און גולדים ונפטרים, אויס „פאַר־דער־באַנק־דרעהער", „לאַטע־ריע־מאַכער", „היימישע־פאַסט־פיהרער", לעבעדיג־פליש הענדלער, ביי־דער־גרעניץ־עמי־גראַנטען־שינדער... אויס, אויס!

אויף דער ערד וועט מען זיי בעזעצען...

און אין מזרח זייט רוקט זיך שטיל ארויס א קליין שטיקיל וואָלקע — גאַיאַיע חרעמיא...

---

איך דערצעהל דעם רעדאקטאָר די סצענע אין ער פאַלט צוריק אייפ'ן בענקיל... באלד שפרינגט ער דאָך אויף, ער האָט גענען מיר א ניי בלייזין געפונען!

— גאָט אין הימעל, צי האָסט דו פערגעסען אנטאָקאָלסקי'ן?

דאָ וועט שוין שווינען דיין פערשאָלטענער שפיגעל!

איך וויל מיר פערקרומען, גלאַט אזוי, עס האָט זיך מיר געוואָלט פערקרימען אין ער שפרינגט אויף, נישט ווי עס פאַסט פאַר'ן יצר טוב —

— שקר! שרייט ער, — מען האָט ביי איהם קיין קבורה־געלד גענומען! אַנטי־סעמיטען האָבען אויסגעטראַכט...

איך שפאַר מיך נישט און ער בערוהיגט זיך.

— מען מוז זיין ערנסט — זאָגט ער — אז אַ פראָסטער מענש שטאַרבט, נעמט מען זיך אויך צום הארץ...

„והחי יתן אל לבו" האָט שלמה המלך געזאָגט!"

„עס איז א רעטעניש, איין אייביגע שרעקליכע רעטעניש..."

און דער יצר־טוב געהט בעוועגט ארום איבער דער' שטוב און רעדט!

אַ מענש געהט אַרום, א מענש מיט אָפענע אויגען...

— מיט א אָפען מויל — העלף איך אונטער...

— מיט פרייע הענד...

— אויב מען קוקט נישט אויף זיי...

— און פליצים, איידער דו קוקסט זיך אום — ואיננו! די ערד האָט איהם איינ־געשלונגען...

דאָרט לינט ער — די אויגען געשלאָסען, דאָס מויל פערמאַכט... די האַנד — טויט!..

— אך! ווער איך אויך געוויהרט, דער עקר פון די טויטע הענד, וואס קענען
שוין אפילו קיין פלינג נישט אבטרייבען...

— בפרט — ציהט ווייטער זינגענדיג דער יצר־טוב — בפרט אזא אנטאקאלסקי...
א מענש, וואס איז ארומגעגאנגען צווישען אונז מיט א גאלדענער קרוין אויפן קאפ...
מיט א גאלדענער קרוין, פון וועלכער עס האבען שטראהלען געשלאגען אויף
גאנץ כנסת ישראל..."

„מיט אפענע אויגען... און פון די אויגען האט ארויסגעקוקט א ריינע גאלדענע
נשמה... א רוח הקדש, כביכול — די שכינה... מיט פרייע הענד... מיט די הענד..."

איך יוער צורודערט:

— וואס האבען געטהון די הענד?

— זיי האבען דאס שניידעריל געמאסט...

— דאס בלינדע שניידעריל, וואס ציהט אריין א גראבען פאדים אין א דינע נאדיל?

— אהא! און די „אינקוויזיציע". וואס ער האט יונגערהייט נאך אנגעהויבען, הא?

— און נישט געענדיגט, וואס? די אינקוויזיציע. פון וועלכער די פרומע דיענסט
האט א היהנער־שטייג פאר כפרות געמאכט!

— אה די פינסטערקייט, — קרעכצט דער יצר טוב — זיי האבען איהם נישט
פערשטאנען... די ווילנער מלמדים האבען געווארינט די קינדער, זיי זאלען נישט שניצען...
„נישט אלע קענען זיין דעם קיזערס בעלי מלאכות"... זיי האבען שפעטער אויך נישט
פערשטאנען...

— וואס?

— זיין קריסטוס, זיין איוואן דעם בייזען...

— מיט שטראהלען אויף דער כנסת ישראל?

— שאווייגסט! וידעלט מיך דער יצר טוב.

עס שאדט נישט, וואס ער איז אין פרעמדע נשמות אריינגעקומען, אין פרעמדע
הערצער נעגראבעלט...

ער איז טריי געבליבען זיין פאלק!..

— הער: געבוירען אין ליטווישען הארץ — אין ירושלם דליטא... געלערענט
אין א ליטוויש חדר, ביז אין דער לעצטער מינוט מלעיל ומלרע נישט פערגעסען! פון א
יודיש ווערטיל נחת געשעפט! קיינמאל נישט געשמדט! מיט די מאנטעפיארעס זיך משדך
געווען! דאס אייניקיל מיט א בריעף אויפ'ן קאנגרעס געשיקט... אויף א יודיש קברית
בעגראבען... קיין קבורה־געלד נישט גענומען, שקר! שקר שקרים!...

און ער רעדט ווייטער און ווייטער, איך אבער הער נישט, נאך וואס? דאס וועל
איך אין אלע יודישע צייטונגען לעזען, דאס האט מען ביים אפענעם קבר געזאגט...

איך קוק דערווייל בעסער אין מיין שפיגעל!

און אין שפיגעל זעה איך אנטאקאלסקין אין דער לופט!

ער פליהט ארויף און פון דער שניי־ווייסער נשמה טהיילט זיך אב דער גוף און
פאלט אויפ'ן יודישען בית עלמין אין אפענעם גרוב אריין!

און ביים אפענעם גרוב שטעהען קהל און רב:

— אונזער אַנטאָקאַלסקי! רופֿען זיי במעט מיט פֿרייד — און מ י ר וועלען איהם בעגראָבען!

די נשמה דערווייל פֿליהט אַרויף...

וואו אַהין? מן הסתם אין גן עדן אַריין!

נאר אין וועלכען?

— אין א ו נ ז ע ר ע ן! בעט זיך דער „וואַבחאַד" מיט אַ דין ווייגענדיג קול'עכיל...

— גיע סמיי! — שרייט מיט אַ ריזיגען באַס איוואַן איוואַנאָוויטש איוואַנאָוו — „טי נאַש! יו נאַש ראַי לעטי!" דיין נשמה איז צו ריין, צו טיעף צו ערהאַבען, צו גענטליך, זאָלסט נישט זיין אונזער! וו נאַש ראַי, מארש!

די אָרימע נשמה דערשרעקט זיך און פֿליהט אַוועק ל י נ ק ס... ווי דער אָרימער קליינער „וואַסחאַד" שפּרינגט ווייטער מיט אַ בעס און האַפּט אַן איוואַן איוואַנאָוויטש'ען ביים אויער —— פֿון שטיוועל...

---

און נאָך אַ בלאָז גיב איך אין שפּינעלע אריין און זעה אַנטאָקאַלסקין אין ל י נ ק ע ן גן עדן!

ביים טיש, וואו עס בליצט מיט אָרדערן און עפּאָלעטען זיצט ער אויך...

דאָך פֿיהלט ער זיך נישט היימליך...

ער האַלט אויך אַ שוימענדיגען בעכער אין דער האַנד, די האַנד אָבער ציטערט.

און מוטען פאלט ער צוזאַמען...

אַ פֿליישיגע שווערע האַנד האָט זיך איהם אויף די דאַרע אַקסעל געלעגט ——

— סלושיי, דיין איוואַן דער בייזער — אַ פּראַבט, חאָטש זיצענדיג! נאר ריינע אַנדערע אַרבייטען — ווי מיר מיהל — וועגען צו יודיש.

דער רעדאַקטאָר — דער יצר טוב — שטעהט אויף, נעמט צו דאָס פּעקיל צוי טוגען און געהט שטילערהייט אַוועק...

י. ל. ציפּעלינ.

# פאַר און געגען די פרוי.

געזאַמעלטע אַפאָריזמען אויס דער וועלט־ליטעראַטור

צוזאַמענגעשטעלט אויף יודיש

פון ד. פרישמאַן.

---

II.

אַ געליעבטע איז מילך, אַ כלה — פוטער, אַ ווייב — קעז.

לודוויג בערנע.

---

אוי, אָדם הראשון! דיין ערשטער שלאָף איז געווען דיין לעצטע רוה. אַז שלאָף נעבך, האָט מען דיר אַ ווייב געמאַכט.

מ. קלודיוס.

---

אוי, די ווייבער, די ווייבער! ווי ווייניג איז פאַרהאַנען צווישען זיי אַזעלכע, וועלכע זענען ווערט, אַז מיר זאָלען זיי אפילו פעראַכטען.

La vie parisienne.

---

אימפּריידיין איז אַ מין שאָטען, וועלכער שלעפט זיך נאָך אַלע מאָל ביי די פרויען, זיי נאַרען אָב די געטער אפילו אַז זיי בעטען צו זיי...

מאַרים יאָקאַי.

---

אז א פרוי זאָגט „ניין", בעטייט עס גאַר נישט.

שעקספּיר.

---

אויף די טריהייט פון אַ הונד קען מען זיך פערלאָזען ביז אין טויט אריין; אויף די טריהייט פון אַ פרוי נור — ביז עס מאַכט זיך איהר די ערשטע געלעגענהייט.

א פראַנצויזיש שפּריכוואָרט.

---

איהר מיידליך, זענט נישט אַזוי גרויס ביי זיך! די יעקב'ס זענען שוין אויסגעשטאָרבען. ווער וועט היינט דיענען וועגען איינער זיבען יאָהר? — איך וואָלט נישט דיענען אפילו וועגען צוויי זיבען שעה.

מ. דישע.

---

איך לעג מיך שלאָפֿען אַלע מאָל מיט שרעק: אָדָם הָראִשוֹן האָט דאָך אַ־ײַשלאָף אַ פֿרוי בעקומען.

א. ה. צ.

---

אַ נאַרישע פֿרוי איז פֿיעל ערגער ווי אַ נאַרישער מאַן — ווייל זי רעדט מעהר.

דניאל דאַרע.

---

אָפֿט איז אַ פּאַר־פֿאָלק ווי צוויי פּעטשראַפֿען, וועלכע שיימען איפּ׳ן וואסער און קומען קיינמאָל נישט צוזאַמען.

זשאַן פּייל.

---

אַ פּערליעבטער מאַן איז אַ נאַר, אַ פֿערליעבטע פֿרוי — אַ מלאך.

א. ט.

---

אַ פֿרוי איז ערשט דאַן צופֿריעדען מיט איהרען אַ פּאַרטרעט, ווען זי זעהט אויף איהם אַזוי אויס ווי זי וואָלט וועלען אויסזעהען.

ג.

---

אַ פֿרוי האָט נישט געהונג, וואָס זי איז גליקליך; זי וויל אַמאָל דאָך אומגליקליך זיין.

מאַריס יאָקאי.

---

אַ פֿרוי וועט איהר קיינמאָל נישט געפֿינען אָהן אַ ענטפֿער — אַ חוץ ווען איהר געפֿינט זי אָהן אַ צינג.

שעקספּיר.

---

אַ שענע און אויך טרייע פֿרוי איז אַזוי זעלטען ווי אַ פֿאָלקאָמענע איבערזעצונג פֿון אַ פּאָעטיש ווערק. די איבערזעצונג איז געוועהנליך נישט שען, ווען זי איז טריי (ווערטליך), און נישט טריי, ווען זי איז שען.

וואַפּיר׳ס לעקסיקאָן.

---

אָרימקייט און ליעבע לאָזען זיך שווערליך האַלטען בסוד.

דאַניש שפּריכוואָרט.

---

ביי דער ערשטער ליעבע מיינט מען אימער, אַז זי איז די לעצטע, און ביי דער לעצטער, אַז זי איז די ערשטע.

א. אגאַי.

---

ביי צוואַנציג יאָהר פֿרעגט דאָס מיידיל: ווי אַזוי איז ער? ביי דרייסיג: וואָס איז ער? ביי פֿיערציג: וואו איז ער?

ה. טהאָם.

---

בעסער גיפטיגע שלאנגען האבען נעבען זיך, ווי שלעכטע פרויען; שלאנגען האבען גיפט אין דעם צאהן, פרויען האבען גיפט אומעטום.

ק. קנארטין.

---

גענוי וויסט מען ביי פרויען קיינמאל נישט, וואו דער מלאך הערט אויף און דער טייוועל הייבט זיך אן.

היינריך היינע.

---

דאס הארץ פון א פרוי איז אזוי ווי די בעקאנטע מאשינקע פון עדיזאן, דער פאנאגראף: עס הערט איבער מיט מענשליכע שטימע נור דאס, וואס פאטען און ערצעהלער האבען דערינען פריהער אריינגערעדט.

ע. פ. קאסטנער.

---

דאס מהיערסטע זאל דעם מאן זיין פרוי זיין — לײדער אבער זעגען עס אפט נור איהרע קליידער.

ל. ה.

---

דאס מייסט פרויען פערשטעהען לייכטער א חתונה אהן ליעבע, ווי א ליעבע אהן חתונה.

ק. פאן וויילען.

---

דער איצטיגער טרייסט וועלכען איך האב אלס פרוי איז דער, דאס איך וועל װענינגסטענס קיינמאל נישט דארפען נעהמען א ווייב.

לאדי מאנטאגיו.

---

די ירושה, וועלכע די ליעבע לאזט, הייסט — חרטה.

ע. פ. קאסטנער.

---

די ליעבע איז די גרעסטע ליגנערין: זי שווערט אייביג טריי צו זיין, און האלט נישט איהרווארט אפילו נור עטליכע וואכען; זי זינגט פון „גליק אין קלענסטען בודעס־שטיביל“, און פיהלט זיך זעהר אומגליקליך, אז זי מוז זיך אמאל — פון א נייעם היט אבזאגען; זי שווערט, יעדע נויט, יעדע צרה מיט פריידען אריבער צוטראגען, און ווײנט און יאמערט, דאס זי האט געקענט טהון פיעל בעסערע שידוכים; זי הופט דיך איהר אבגאט, איהר לעבען, איהר אלעס, און — בעהאנדעלט דיך דאן ווי איהרען א משרת. ביי א פילען טיש רעדט זי פון הונגער און אין א בעקוועמער וואהנונג רעדט זי פון אָרימקייט.

ע. פ. קאסטנער.

---

די ליעבע קומט מיט פרייד, און געהט אוועק מיט טרויער,
דער אנהייב איז זעהר זיס, איהר סוף איז אבער זויער.

פ. פלעמינג.

---

די פֿרוי האָט פֿיינד דעם שפּיגעל, וועלכער ווייזט איהרע פֿעהלער; דעריבער האָט אויך איין פֿרוי פֿיינד די אנדערע.

א. וויסוואלקא.

---

די פֿרוי ווערט דורך חתונה־האבען פֿריי; דער מאן פֿערלירט דורך חתונה־האָבען זיין פֿרייהייט.

קאנט.

---

די פֿרוי פֿון היינט איז א לוקסוס־ארטיקעל, וועלכען נישט אלע מענער קענען זיך פֿערגינען איהם צו האָבען.

צ. פּ.

---

דער פֿאָרוואורף, אז פֿרויען פֿערלאַנגען צו פֿיעל, איז נישט אלע מאָל ריכטיג, ווענען זיי דען נישט צופֿריעדען מיט זיך אליין?

ג. ענגעלסמאן.

---

דאָס שעמעוודיגע פֿון מאַנכע פֿרויען איז געגליכען צו די נערווען־שמערצען פֿון קראַנקע, ביי וועלכע דער דאָקטאָר האָט געמאַכט איין אָפּעראַציע, און ביי זיי אָבגעשניטען געוויסע אברים: זיי שפּירען די שמערצען אין אַזאַלכע אברים, וועלכע זענען ביי זיי שוין לאנג אָבגעשניטען.

ד. באַלק.

---

די שענקייט פֿון פֿרויען פֿערליערט זיך באַלד.
די צייהן פֿאַלען אויס, דאָס אויג ווערט קאַלט;
נור איינס בלייבט ביז אין דעם טויט אַריין יונג —
די איינעמדליכע קליינע צונג.

י. ראָזענבערג.

---

האָב חתונה אָדער האָב נישט חתונה — אַזוי אָבער אַזוי וועסטו חרטה האָבען.

סאָקראַטעס.

---

וואָס איז אומגליקליכע ליעבע? — יעדע ליעבע וואָס ענדיגט זיך מיט — חתונה האָבען.

X.

---

ווילסט דו אויספּרובען די פֿיינקייט פֿון גאָלד? רייב עס אויף דעם פּריבשטיין. די קראַפֿט פֿון איין אָקס? לעג אויף איהם משׂא. דעם כאַראַקטער פֿון א מאַנספּערזאָן? הער זיך צו ווי ער רעדט. די געדאנקען פֿון א פֿרוי? נישט פֿאַרהאַן דערצו קיין מיטעל

הינדאָסטיש שפּריכוואָרט.

---

וועלכע פרוי איז ווערט צוערשט די מיה, מיט וועלכער דער מאן גיט זיך אב, אום זי צו בעקומען, און דאן די מיה, מיט וועלכער ער גיט זיך אב, אום פון איהר פריי צו ווערען?

X.

---

ווען ס'איז פארהאנגען א וויכטיגער שריט צו מאכען אין לעבען, וועט א מאנספערשוין זיך פרעגען: וואס זאל איך רעדען? — א פרוי וועט זיך פרעגען: וואס זאל איך זיך אנטהון?

מאדאם דע פיזיע.

---

ווען פרויען זענען אמאל אמת'דיג און אפענהערציג, דאן פערשטעלען זיי זיך גוט.

א. טייפליע.

ווער עס וויל גלויבען פרויען, מוז אקערן אויפ'ן ים און זייען אויפ'ן זאמד. ווער עס גלויבט זייערע ווערטער, נעמט לופט אין האנד אריין. נישט דא קיין גרונד, אויף וועלכען מען קען בויען, ווי גלאז איז זייער ליעבע.

צעזען.

---

ווער עס נעמט זיך צווייטען מאל א פרוי, איז נישט ווערט דעם חסד, וואס ער האט די ערשטע פערלארען.

באמארשע.

---

זאג נור איין איינציג מאל א פרוי, אז זי איז שען, און דער טייוועל וועט עס איהר איבערחזר'ן צעהנמאל א טאג.

א פראנצויזיש שפריכווארט.

---

חתונה־האבען איז ווי א בעלאגערטע שטאדט: די וועלכע עס זענען דערינען ווילען ארויס, און די וועלכע עס זענען דרויסען, ווילען אריין.

א אראביש שפריכווארט.

---

חתונה־האבען הייסט זיינע פפליכטען פערטאפלען און פון זיינע רעכטע א העלפט פערלירען.

שאפענהויער.

(ענדע קומט).

„DIE JÜDISCHE FAMILIE" — Monatschrift.

Verlag „Achiasaf". – Verantwortlicher Redacteur Josef Fischer, Krakau.

Druck von Josef Fischer in Krakau.